# געקליבענע
# שריפטען
— פון —
# י. וו. געטהע

איבערזעצט פון
## ד. מ. הערמאלין

צווייטער באנד

היברו פאַבלישינג קאָמפּאַני
83-85 קאַנאַל סטריט, ניו יאָרק.
1911.

**COLLECTION OF WRITINGS**

**by**

**I. W. GOETHE**

**Translated** into Yiddish by D. M. HERMALIN.



Hebrew Publishing Company
New York.

# פאוסט, א טראגעדיע.

---

## דראמאטישע פערזאנען.

כאראקטערע פון דעם פראלאג אין הימעל.

גאט.

רפאל, } צבאות השמים.
גבריאל,
מיכאל.

מעפיסטאפעלעס, דער שטן.

---

## כאראקטערע אין דער טראגעדיע:

פאוסט.

מעפיסטאפעלעס.

וואגנער, א סטודענט.

מארגארעטע.

מארטהא, מארגארעטע׳ס שכנה.

וואלענטין, מארגארעטע׳ס ברודער.

א בויער.

א סטודענט.

עליזאבעטא, מארגארעטע׳ס א בעקאנטע.

פראש, } געסט אין אויערבאך׳ס וויין קעלער.
בראנדער,
זיעבעל,
אלטמייער.

מכשפות, יונגע און אלטע; מכשפים; פראטאפאנטאזמיסט, סער־וויבילים, אבעזאניעס, גייסטער, דארפס־לייט, בירגער, בעטלער, אלטער קונצען־מאכער, פאסטוך, סאלדאט, סטודענט, א. ז. וו.

# פראָלאָג אין הימעל.

די דריי מלאכים טרעטען פאָר.

**גאָט, די צבאות השמים, נאָך דעם מעפיסטאָפעלעס.**

רפאל.

די זונן האט אויסגעקלונגען אויפ׳ן אלטען שטייגער
אין די ווייטע הימלען איהר וועטגעזאנג,
און איהר פאָרגעשריבענע רייזע האט
זי דורכגעמאכט אין איהר דונערגאנג.
איהר אנבליק גיט די מלאכים גבורה
ווען קיינער קען זי ניט ערגרינדען;
די אונבעגרייפליך הויכע ווערקע
זיינען נאָך ווי אין ששת ימי בראשית.

גבריאל.

און שנעל און אונבעגרייפליך שנעל
דרעהט זיך ארום דער ערד׳ס פראכט;
עס וועקסעלט זיך דעם גן־עדן׳ס גיהנום
מיט דער טיעפער פינסטערער נאכט.

מיכאל.

און שטורמען, וויטהען ארום דער וועטטע
פון ים און לאַנד, פון לאַנד און ים,
און בילדען וויטהענדיג א קייט
ארום די גאנצע ווערק, וואס ער האט בעשאפען.
דאָ פלאַמט א בליצענדע איבערקעהרעניש

אויפ'ן וועג פון דעם דונערשלאג;
דאָך דיינע שלוחים, גאָט, פערעהרען,
דאס שטילע וואנדלען פון דיין טאג.

### אלע דריי.

דער אנבליק גיט די מלאכים גבורה,
ווייל קיינער קען דיך ניט בעגרייפען,
און אלע דיינע הויכע ווערקע
זיינען אזוי הערליך ווי אין ששת ימי בראשית.

### מעפיסטאָפעלעס.

אזוי ווי דו, גאָט, דערנעהנטערסט דיך וויעדער,
און פרעגסט ווי עס געהט צו מיט אללעמען,
און אזוי ווי דו זעהסט מיך דאָך אמאָל גערן,
דערפאר געפינסטו מיך אונטער דעם געזינדעל.
פערצייה מיר, איך קען ניט רעדען קיין הויכע ווערטער,
אפילו ווען יעדער דאָ זאָל פון מיר חוזק מאכען;
מיין רחמנות־פנים וואָלט דיך געווים לאכענדיג געמאכט,
ווען דו וואָלסט דיך פון לאכען ניט אָבגעוועהנט.
פון זונן און וועלטען ווייס איך ווייניג וואס צו זאגען,
אלץ וואס איך זעה איז, ווי די מענשען פלאגען זיך.
דער קליינער גאָט פון דער ערד בלייבט תמיד דערזעלבער,
און איז אזוי וואונדערליך ווי אין ששת ימי בראשית.
אביסעל בעסער וואָלט ער געלעבט,
ווען דו וואָלסט איהם ניט געגעבען דעם שיין פון הימעל־ליכט;
ער רופט עס אָן שכל און געברויכט עס אויף אזא אופן
אום צו זיין נאָך טהיערישער ווי אירגענד א טהיער.
מיר שיינט ער, (פערצייה מיר פאר דעם אויסדרוק,)
ווי א לאנג־פיסיגער היישריק,
וועלכער פליהט תמיד, און פליהענדיג שפרינגט ער
גלייך אין גראָז אריין און דאָרט זינגט ער זיין אלטעם ליעד.
וואָלט ער כאָטש געלעגען דאָרט אין גראָז,
ליעבט ער אבער אין יעדען שמוטץ אריינצושטעקען זיין נאָז.

גאָט.

האָסטו מיר, חוץ דעם, גאָר ניט וואס צו זאגען?
קומסטו נאָך אימער צו מיר בלויז מיט קלאגען ?
איז אויף דער ערד קיין מאָל ניטאָ קיין רעכטס?

מעפיסטאָפעלעס.

ניין, העדר! איך געפין אוים, אז דאָרט איז נאָך גאַנץ פאַסקודנע,
די מענשען האבען דאָרט אזוי פיעל צרות, אז אפילו איך,
זעהסטו, וואָלט זיי שוין אויך מעהר ניט וועלען פּלאגען.

גאָט.

קענסטו פאוסט'ן ?

מעפיסטאָפעלעס.

דעם דאָקטאָר?

גאָט.

יא, מיין קנעכט פאוסט.

מעפיסטאָפעלעס.

אוודאי קען איך איהם! ער דיענט דיך אויף א בעזונדערען אופן.
זיין עסען און טרינקען איז עפּעס גאָר ניט פון דער ערד,
איהם טרייבט עס עפּעס העט ווייט אוועק;
ער קען נאָר האלב זיין משוגעת:
פון דעם הימעל פאָדערט ער די שעהנסטע שטערן
און פון דער ערד יעדע העכסטע לוסט,
און אלע נאָהענטקייטען און אלע ווייטקייטען
שטעלען ניט צופריעדען זיין צורודערטען גייסט.

גאָט.

ווען ער דיענט מיך אפילו איצט ניט זעהר קלאָר,
וועל איך איהם באלד אויפ'ן גלייכען וועג פיהרען.
דער גערטנער ווייסט גאַנץ גוט, ווען דאס בוימעל גרינט,
וואס פאר בליטהען און פרוכט עס וועט איהם שפּעטער ברענגען.

מעפיסטאָפעלעס.

אויב דו ווילסט עפּעס וועטען, זאג איך, אז דו וועסט איהם פערלירען!
ווען דו זאָלסט מיר נאָר געבען די ערלויבנים
איהם אין מיינע וועגען צו פיהרען.

גאָט.

כל־זמן ער אויף דער ערד לעבט,
אזוי לאנג איז עס דיר ניט פערבאָטען;
דער מענש בלאָנדזשעט, כל־זמן ער שטרעבט.

מעפיסטאָפעלעס.

איך דאנק דיר; ווייל מיט די טויטע
האב איך מיך קיינמאָל ניט אָבגעגעבען.
איבערהויפּט ליעב איך מיר די פולע, פרישע באקען,
פאר א מת, בין איך קיינמאָל אין דער היים ניטאָ
מיר געהט עס אקוראט ווי דער קאטץ מיט דער מויז.

גאָט.

גוט, גוט, דו האסט איהם אין דיין מאכט!
נעהם איהם און טהו וואס דו קענסט,
פיהר איהם וואוהין דו פּלאנסט
אויף דיינע וועגען דאָרט ארונטער,
און דאן, פערלאנג איך, זאָלסטו מודה זיין,
אז א גוטער מענש אין זיין ערגסטער לאגע
קען נאָך אלץ וויסען וואו דער רעכטער וועג ליעגט.

מעפיסטאָפעלעס.

שוין גוט! עס וועט מיר ניט דויערן לאנג,
און מיר טהוט מיין וועט גאָר ניט באנג.
בלויז, ווען איך וועל דערגרייכען מיין צוועק,
זאָלסטו מיר ערלויבען צו טריומפירען פון גאנצען הארצען.

שטויב זאָל ער עסען, דערצו נאָך מיט חשק,
אקוראט ווי מיין מוהמע, די בעריהמטע שלאנג.

## גאָט.

דו מעגסט ערשיינען גאנץ פריי און פראנק;
איך האָב אזעלכע ווי דו קיינמאָל ניט געהאסט.
פון אלע להכעיס׳דיגע גייסטער,
איז מיר דער לץ וועניגער צו לאסט.
דעם מענשען׳ם טהעטיגקייט וואָלט געקענט צו שנעל איינשלאָפען,
ער וואָלט זיך גאָר באלד אוועקגעלעגט תמיד רוהען;
דערפאר גיב איך איהם גערן אָט דעם חבר,
ער רייצט איהם און טרייבט איהם און מוז ווי דער טייוועל ארבייטען.
דאָך איהר, די אמת׳ע בני אלהים,
פרייט אייך מיט דער לעבעדיגער רייכער שעהנהייט!
דאס שאפענדע, וואס ווירקט אייביג און לעבט,
זאָל אייך ארומרינגלען מיט די ליעבענדע רחמים־בענדער
און וואס עס שוועבט אין די וועקסלענדע פאָרמען
זאלט איהר בעפעסטיגען מיט דויערענדע געדאנקען.

(דער הימעל שליסט זיך, די צבאות השמים צוטהיילען זיך.)

## מעפיסטאָפעלעס (אליין).

פון צייט צו צייט זעה איך מיר דעם אלטען גאנץ גערן,
און היט מיך די בעקאנטשאפט ניט צו צוברעכען.
עס איז כ׳לעבען גאנץ שעהן פון אזא גרויסען העררען
אזוי מענשליך מיט דעם טייוועל זעלבסט צו שפרעכען.



# די טראַגעדיע פון פאַוסט.

(אין א גרויסען הויכגעוועלבטען, ענגען, גאָטהישען צימער זיצט
פאוסט אונרוהיג אויף א שטוהל נעבען שרייב־טיש.)

פאַוסט.

אָט האב איך מיר פילאָזאָפיע,
יוריספרודענץ און מעדיצין,
און ליידער אויך טהעאָלאָגיע
שטארק שטודירט און מיט גרויסער מיה.
דאָך שטעה איך יעצט, איך ארעמער נאר,
און בין אזוי קלוג פונקט ווי פריהער;
איך היים מאגיסטער, היים אויך דאָקטאָר,
און פיהר שוין זייט צעהן יאהר,
ארויף, אראָב, ביי דער זייט, אין דער קרום,
מיינע תלמידים ביי דער נאָז ארום—
און זעה, מיר ווייסען אלץ גאָר ניט!
אָט דאס ברעכט מיר מיין הארץ.
איך בין אפילו קליגער ווי די נאראָנים,
דאָקטוירים, מאגיסטערס, שרייבער און גלחים;
מיך פלאגט קיין געוויסען, קיינע ספקות,
האב קיין מורא ניט פאר'ן גיהנום אָדער טייוועל—
דערפאר איז פון מיר אויך די פרייד אוועקגעריסען,
בילדע מיר ניט איין עפּעס רעכטעס צו וויסען,
איך בילדע מיר ניט איין איך קען עפּעס לערנען
די מענשען צו בעסערן און בעקעהרען,
איך האב אויך קיין גיטער, קיין געלד,

אויך ניט קיין כבוד און קיין ערליכקייט פון דער וועלט;
אפילו א הונד וואָלט ניט ווייטער אזוי געלעבט!
דערפאר האב איך מיך צום כישוף איבערגעגעבען
אפשר וועל איך קענען דורך דער גייסטער־קראפט
ענטדעקען עפּעס א געהיימניס,
כדי איך זאָל מעהר ניט מיט זויערן שוויים
דארפען זאגען, אז איך וויים גאָר ניט,
אז איך אנערקען וואס די וועלט
האַלט זיך צוזאמען אין איהר אינגערליכקייט,
אז איך זעה די גאנצע ווירקענסקראפט און זרע,
און דאס אַלעס צוזאמען בעצייכען איך מיט פּוסטע ווערטער.

אך דו הערליכעס לבנה־ליכט,
וואָלסטו כאָטש צום לעצטען מאָל געבליקט אויף מיין שמערץ!
ווייל איך האב שוין פיעלע מאָל אום האלבע נאכט,
אָט ביי דיעזען טיש געוואכט.
דאן, איבער ביכער און פּאַפּיערען,
ביסטו, שטילער פריינד, מיר ערשיענען!
אך, וואָלט איך נאָר געקענט אויף די שפּיץ־בערג
אין דיין ליעבען ליכט געהען,
ארום די בערג־העהלען מיט גייסטער שוועבען
אויף די לאָנקעס אין דיין מילדען שיין זיך בעוועגען,
פון אַלע וויסענשאפט גערוכען זיך בעפרייען
און אין דיין געזונדהייטס טהוי מיך באָדען!

וועה איז מיר! ליעג איך נאָך אימער אין קערקער?
פערפלוכטעס, פערשימעלטעס צימער!
וואו אפילו דאס ליעבע הימעל־ליכט
ברעכט קוים אריין דורך די געמאָלענע שויבען.
פערשפּאַרט מיט דיעזען ביכער־הויפען,
וועלכען עס זייגען ווערעם און מיט שטויב בעדעקט,
וועלכער גרייכט ביז צום הויכען געוועלב,
ארומגעוויקעלט מיט א פעררויכערטעס פּאַפּיער;

מיט גלעזער, קעסטלעך ארומגעשטעלט,
מיט אינסטרומענטען פול געפּאקט,
בעל־הביתישקייט פון עלטער־זיידען אָנגעשטאָפּט—
דאס איז דיין וועלט! דאס איז א וועלט!
פרעגסטו נאָך פאר וואס דיין הארץ
קלעמט דיך אזוי מיט שמערץ אין דיין בוזים?
פאר וואס אן אונערקלערטער שמערץ
האט פערשפּארט דיין גאנצע לעבענס־בעוועגונג?
אנשטאט די לעבעדיגע נאטור,
וואוהין גאָט האט די מענשען געשאפען,
רינגעלט דיך ארום רויך און שימעל,
טהיער־סקעלעטען און טויטען־ביינער.

ענטלויף! העט אוועק אין ווייטען לאנד!
און דאס דאָזיגע געהיימניספּאָלע בוך,
פון נאָסטראַדאמוס'עס אייגענער האנד,
איז דאס פאר דיר ניט גענוג וועג־ווייזער?
דערקענסט דאן ווי די שטערן געהען
און ווען נאטור דיר איהרע וועגען ווייזט,
דאן זאָל די זעעלען־קראפט אין דיר אויפגעהען
און דיר ווייזען ווי איין גייסט צום אנדערן רעדט.
אומזיסט, דאס טרוקענע טראכטען דאָ
וועט דיר די הייליגע צייכען ניט ערקלערען.
גייסטער! איך שפּיר איהר שוועבט נעבען מיר,
ענטפערט מיר אויב איהר הערט מיין שטימע!

(ער פערמאכט דעם בוך און דערזעהט דעם צייכען
פון דעם מאַקראָקאָסמאָס.)

אַך, וואס פאר א גליק עס פליעסט ביי דיעזען בליק
אויף איינמאָל דורך אלע מיינע חושים!
איך פיהל יונגעס, הייליגעס לעבענס־גליק
גליהענדיג דורך נערווען און אָדערן.

איז דאס געווען א גאָט וואס האט געשריעבען דיעזע צייכענס,
וועלכע שטילען אין מיר דאס אינערע רוישען,
דאס ארעמע הארץ מיט פריידען אָנפּיללט,
און, מיט געהיימניספאָלען טריעב
דעקען אויף ארום מיר די קרעפטען פון דער נאטור?
בין איך א גאָט? מיר ווערט אזוי ליכטיג!
איך זעה אין דיעזע ריינע מינעס
די ווירקענדע נאטור פאר מיין נשמה ליעגען.
יעצט ערשט דערקען איך וואס דער חכם זאגט:
„די גייסטער וועלט איז ניט פערשלאָסען;
„דיין חוש איז צו, דיין הארץ איז טויט!
„ערוואך, באָד, שיללער, אונפערדראָסען
„די ערדישע ברוסט אין מאָרגענרויט.״

(ער בעטראכט דאס צייכען.)

ווי אלעס וועבט זיך צום גאנצען,
איינס אין דעם אנדערן ווירקט און לעבט!
ווי הימעלס קרעפטען ארויף און ארונטער שטייגען
און זיך די גאָלדענע עמער דערלאנגען!
מיט ברכה־דופטענדע בעוועגונגען
פון הימעל דורך דער ערד דרינגען,
הארמאָניש הערט מען דאס דורכקלינגען!

וואונדערבארער שוישפּיעל! אבער אך, בלויז א שוישפּיעל!
ווי זאָל איך דיך אָנכאפּען, אונבעגרייפליכע נאטור!
איך בריסט, ווי? איהר קוועלען פון לעבען,
אויף וועלכע הימעל און ערד הייגנען,
אָט אהין דרינגט זיך דאס פערוויאנעטע הארץ,
פאר טרייסט און פאר בעפריעדיגונג.

(ער מישט אונווילענדיג איבער די בלעטער פון בוך און דערזעהט דאס צייכען פון ערד־גייסט.)

וואס פאר אן איינפלוס דאס צייכען האט אויף מיר!
דו, ערד גייסט, ביסט מיר נעהנטער.
איך פיהל שוין מיינע קרעפטען העכער,
איך גליה שוין ווי פון נייעם וויין,
איך פיהל מוטה ארויסצוגעהן אין דער וועלט
אום צו דערטראגען דער ערד'ס וועה, דער ערד'ס גליק.
מיט שטורמס מיך ארום צו וויעקלען
און ניט צעגערן אין קראך פון שיפברוך.
עס וועלבט זיך איבער מיר,—
די לבנה פערבארגט איהר ליכט,
דער לאמפ פערשווינדט!
עס דאמפפט, עס ציקען רויטע שטראהלען
מיר ארום קאפ, עס וועהט
א שרעקליכקייט פון געוועלב אראב,
און כאפט מיך אן!
איך פיהל עס, דו שוועבסט ארום מיר, גערופענער גייסט.
ענטפלעק דיך!
אך, ווי דאס רייסט מיין הארץ!
אין נייע געפיהלען
שפיר איך אלע מיינע חושים זיך דרעהען!
איך פיהל ווי מיין גאנץ הארץ איז אוועקגעגעבען!
דו מוזט! דו מוזט! אפילו ווען עס קאסט דאס לעבען!

(ער כאפט דאס בוך, מורמעלט געהיימניספאל דאס צייכען פון דעם גייסט. עס בעווייזט זיך א רויטליכער פלאם. דער גייסט ערשיינט אין פלאם.)

גייסט.

ווער רופט מיך?

פאוסט (אבגעווענדעט.)

שרעקליכעס געזיכט!

גייסט.

דו האסט מיך שטארק אנגעצויגען,

פון מיינע וועגען לאנג אבגעזויגען,
און יעצט —

פאוסט.

וועה! איך קען דיך ניט דערטראגען!

גייסט.

דו האסט געבעטען שטארק מיך צו זעהען,
מיין שטימע צו הערען, מיין פּנים צו בעטראכטען;
מיך האט געבראכט דיין נשמה־געבעט,
אָט בין איך! — וואס פאר א שרעקליכקייט
דיך האט אָנגעכאַפּט, דו איבערמענש!
וואו איז דער רוף פון דיין נשמה?
וואו איז דיין ברוסט, וואס האט א וועלט אין זיך בעשאפען
און האט געטראגען און געטוליעט דיך מיט פריידיגעם ציטערן?
וואו ביסט, פאוסט, וועמעס שטימע מיר איז געקלונגען,
וועלכער האט זיך צו מיר מיט אלע קרעפטען געדרונגען?
ביסטו עס דער, וועלכער דערשרעקט זיך פאר מיין הויך,
ציטערט אין אלע טיעפענישען פון לעבען
און זעהט אוים ווי א פערקרומטער וואָרעם?

פאוסט.

זאָל איך דיר, שטיק פלאם, אויסוויכען?
ניין! איך בין פאוסט, איך בין דיין גלייכען!

גייסט.

אין לעבענס־כוואַליעס, אין טהאטען־שטורם,
שלײדער איך מיך אויף און אָב,
שוועב אהין, שוועב אהער!
געבורט און קבר,
אן אייביגער ים,

א וועקסלענדעם וועבען,
א גליהענדעם לעבען,
אזוי שאף איך ביים שטירמישען וועבשטוהל פון דער צייט,
און מאך דער גאטהייט׳ם לעבעדיגעם קלייד.

פאוסט.

דער, וועלכער נעהמט ארום די וועלט,
בעשעפטיגטער גייסט, ווי נאהענט איך פיהל מיך פון דיר!

גייסט.

דו ביסט גלייך דעם גייסט וואס דו בעגרייפסט,
ניט מיר!

(פערשווינדעט.)

פאוסט (צוזאמענברעכענדיג).

ניט דיר?
וועמען דען?
איך, דער צלם.אלהים!
בין אפילו ניט גלייך צו דיר!

(עס קלאפט).

אך, טויט, — איך קען עס — דאס איז מיין פאמולוס —
מיין שעהנסטעם גליק ווערט מיר צערשטערט!
אך, אז דיעזע אלע שעהנע פאנטאזיען,
זאל א פוסטע בריאה פון מיר פערטרייבען!

וואגנער. (אין זיין שלאף־ראק, נאכט־היטעל, א לאמפ אין דער האנד, פאוסט ווענדעט זיך אונווילליג.)

וואגנער.

פערצייהעט, איך הער אייך דעקלאמירען;
איהר האט געווים געלעזען א גריכיש טרויערשפיעל?
אין דיעזער קונסט וואלט איך וועלען עפעם פראפיטירען,

דען אין היינטיגע צייטען האט דאס א גרויסען ווערטה.
איך האב עס אָפט געהערט זאגען,
אז א קאָמעדיאַנט קען אפילו א גייסטליכען לערנען.

פאוסט.

יא, ווען דער גייסטליכער איז א קאָמעדיאַנט,
ווי דאס פאסירט זעהר אָפט ביי אונז.

## וואגנער.

אך! ווען מען איז אזוי אָבגעשפּארט אין אן אייגענעם מוזעאום.
און מען זעהט די וועלט קוים אמאָל אין א יום־טוב,
קוים דורך א שפּאַקטיוו, בלויז פון ווייטען,
ווי קען מען מענשען פיהרען דורך איבעררעדונג?

פאוסט.

אויב איהר פיהלט עס ניט, וועט איהר עס אויך ניט דערגרייכען,
ווען עס קומט ניט ארויס פון דער נשמה,
און מיט אור־קרעפטיגען פערגניגען
צווינגט עס די הערצער פון אלעמען צו הערען.
ווען איהר זיטצט אימער אָט אזוי וועט איהר צונויפגעקלעפּט
ווערען,
קאָכט א צימעס פון אן אנדערן'ס מיטאג
און בלאָזט אויסאנאנדער די קליינע פלאַמען
פון אן אש־הויפען ארויס!
לאָזט זיך בעוואונדערן פון קינדער און אָבעזאַניעס,
אויב איהר האט נאָר א חשק דערצו;
דאָך וועט איהר קיינמאָל ניט פון הארץ צו הארץ רעדען,
ווען דאס וואס איהר זאגט קומט ניט דירעקט פון הארצען.

## וואגנער.

אָבהאלטענדיג די דרשה מאַכט עס דעם בעל־דרשן גליקליך,
איך פיהל גאנץ גוט, אבער איך בין נאָך ווייט צוריק.

פאָוסט.

זאָל ער נאָר זוכען א ווירדיגען ציעל!
זאָל ער נאָר ניט זיין קיין פוסטער נאר!
אמת'ער שכל און א ריינער געדאנק
לאָזט זיך אליין ארויסרופען אָהן קונצען.
און ווען איהר זייט ערנסט, וואס צו זאגען,
איז דען נעטהיג נאָך ווערטער זיך נאכצויאגען?
יא, אייערע דרשות, וואס זיינען אזוי גלענצענדיג,
מיט וועלכע איהר האָדעוועט די מענשהייט,
זיינען גראדע אזוי ניט ערקוויקענד ווי דער נעבעלווינד,
וועלכער רייסט זיך דורך די דארע בלעטער אין הערבסט.

וואגנער.

אך, גאָט! די קונסט איז לאנג,
און קורץ איז אונזער לעבען.
מיר ווערט עס ביי מיין קריטישעס שטרעבען
דאָך אָפט באנג אום לייב און לעבען.
ווי שווער עס איז די מיטלען צו דערגרייכען,
דורך וועלכע מען שטייגט צו די קוועלען!
און נאָך איידער מען איז אויפ'ן האלבען וועג
קומט דער מלאך המות און מאכט א סוף פון אלעמען.

פאָוסט.

דאס פאָרמענט, איז דאס דער הייליגער ברונען,
פון וועלכען א טרונק שטילט דעם דאָרשט אויף אייביג?
ערקוויקונג געפינסטו ניט,
ווען דאס קומט ניט פון דיין אייגענער נשמה.

וואגנער.

פערצייהעט, עס איז א גרויס פערגניגען
זיך צו פערטיעפען אין גייסט פון די צייטען,

צו זעהען, ווי פאר אונז האט א חכם געדאכט,
און ווי מיר האבען עס דאן אזוי שעהן ווייט געבראכט.

פאוסט.

אָה יא, אזוי ווייט ביז צו די שטערן!
מיין פריינד, די צייטען פון דער פערגאנגענהייט,
זיינען פאר אונז א בוך מיט זיעבען חתימות;
וואס איהר רופט אָן דעם גייסט פון די צייטען,
דאס איז אין גרונד דער גייסט פון די העררען,
אין וועלכע די צייטען שפּיעגלען זיך אָב.
אָט אין דעם ליעגט טאקי אָפט א קלאג!
ביים ערשטען בליק ענטלויפען מיר פערצווייפעלט.
א פשוטע האַלץ־קאמער און א שמאטע לאַך,
אין בעסטען פאַל איז עס א העלדען־חוזק שווישפּיעל
מיט בייסענדע ווערטלעך און אויסדריקע
ווי עס שטעהט אָן די פּופען צו זאגען מיט זייער מויל.

וואגנער.

אבער די וועלט, דאס מענשען־הארץ און דער גייסט,
קען מען דאָך דערפון באלד דערקענען.

פאוסט.

יא, די פראגע איז נאָר וואס איהר וועט דערקענען
ווער דארף דען אָנרופען דאס קינד ביים רעכטען נאמען?
די ווענינע וואס האבען דערפון עפּעס דערקענט,
וועלכע זיינען געווען נאריש גענוג זייער פול הארץ ניט
איינצוהאלטען,
און דעם פּאָלק זייער געפיהל, זייער וויסען ארויסגעזאגט,
האט מען פון אימער אָן געקרייציגט און פערברענט.
איך בעט אייך, פריינד, עס איז שוין שפּעט אין דער נאכט,
מיר מוזען עס יעצט אונטערברעכען.

### וואגנער.

איך וואָלט אויך אימער געווען בעסער וואך
אום מיט אייך אזעלכע געשפּרעכען צו פיהרען,
דאָך מאָרגען, אלס דעם ערשטען אָסטערטאג,
ערלויבט מיר איין אנדערע פראגע.
מיט חשק האב איך מיך דעם שטודיום איבערגעגעבען,
איך וויים שוין אפילו פיעל, דאָך וויל איך נאָך מעהר וויסען.
(אב.)

### פאוסט (אליין).

ווי אזוי ער פערלירט דאס קיינמאָל קיין האָפנונג,
וועלכער דענקט בעשטענדיג פון פּוסטע זאכען;
מיט נייגיעריגע הענד גראָבט ער נאָך אוצרות,
און גליקליך איז ער ווען ער געפינט רעגענווערעם.

האט בעדארפט א מענשען שטימע גראד דאָ
פערקלונגען וואו גייסטער פיגורען מיר אומרינגלען?
דאָך פאר דעם מאָל דאנק איך דיר
דו אָרעמער זוהן פון דער ערד.
דו האסט מיך אָבגעריסען פון פערצווייפלונג,
וואס האט מיר שוין געזאָלט צושטערען דעם פערשטאנד.
אָך, די ערשיינונג איז געווען אזוי ריעזענגרויס,
אז איך האב מיך פּשוט ווי א קארליק געפיהלט.
איך, דער צלם אלהים, וואס האב שוין
זיך גערעכענט אָט ביים שפּיטץ פון אייביגען אמת,
אזוי ערהאבען און אזוי פול מיט קלארהייט
און אָבגעטרייסעלט פון זיך די ערדישקייט.
איך, נאָך מעהר ווי א כרוב וועמעס פרייע קראפט
האט שוין אָנגעהויבען צו פליעסען דורך דער נאטור,
און אזוי, שאפענדיג, האב איך גענאָסען געטערלעבען,
אָך, ווי איך בין עס געשטראפט געוואָרען!
מיט איין דונער־וואָרט און אלעס איז פארביי.
גייסט! איך טאָר מיך צו דיר ניט פערגלייכען.

אויב איך האב דיך געקענט אָנציהען,
האב איך אבער ניט די קראפט דיך צו האלטען.
אין יענעם געבענשטען אויגענבליק
האב איך געפיהלט אזוי קליין, אזוי גרויס!
דו האסט מיך אבער גרויזאם צוריקגעשטויסען
אין דעם אונגעוויסען מענשליכען גורל.
וואס זאָל איך טהאָן? וואס זאָל איך מיידען?
זאָל איך הערען יענעם פערלאַנג?
אַך, אונזערע מעשים ווי אונזערע ליידען
פערשפארען אונזער לעבענס־גאַנג.

אפילו דער וואס האט די הערליכסטע נשמה
קלעפט זיך אויך אָן פרעמדער שטאָף.
ווען מיר דערגרייכען שוין צום גוטען פון דער וועלט,
דאן הייסט דאס בעסערע בעטרוג און נארישקייט.
די הערליכע געפיהלען, וואס דאס לעבען האט אונז געגעבען,
ווערען פערשטארצט און אויסגעמישט מיט דעם ערדישען
טומעל.

ווען די פאַנטאַזיע הייבט אָן צו שוועבען
און פול מיט האָפנונג בליהט זי צו אייביגקייט,
דאַן ווערט איהר פּלאַטץ ענג געגוג
ווען גליק נאָך גליק ליידעט שיפס־ברוך.
די זאָרג כאַפּט זיך באַלד ארייך אין הארצען;
דאָרט מאכט זי אָן געהיימע שמערצען,
אונרוהיג וויעגט זי זיך און שטערט לוסט און רוה;
זי דעקט זיך איבער מיט נייע מאַסקעס,
אמאָל ערשיינט זי אלס הויז, הויף, ווייב און קינד,
אלס פייער, וואסער, שפּיז און גיפט;
ציטערסט פאר אלעמען וואס טרעפט דיך ניט,
און וואס דו פערלירסט ניט, בעוויינסטו.
צו די געטער בין איך ניט גלייך! עס איז צו הויך;
דעם וואָרעם בין איך גלייך, וואס וואַלגערט זיך אין שטויב,

פונקט ווי ער, וואס נעהרט זיך אין שטויב,
ווע‏מען דעם וואנדערער'ס טריט צוטרעט און בעגראבט.
איז עס ניט שטויב וואס דיעזע הויכע וואנט.
מיט טויזענד פאליצעס רינגעלט מיך ארום?
איז עס ניט בלאטע מיט טויזענד'ער פאכען,
וואס האלט מיך איינגעשלאסען אין דיעזער מויל־וועלט?
דא זאל איך געפינען וואס מיר פעהלט?
זאל איך פיעללייכט אין טויזענד ביכער לעזען,
אז איבעראל וואו מענשען האבען זיך געקוועלט
איז נאך אמאל א גליקליכער געווען?
דו לעדיגער קאפ, וואס מאכסטו מיר פאר גרימאסען?
עס ווייזט אויס, אז דיין געהירן ווי מיינס, אזוי צומישט
האט אמאל געזוכט דעם ליכטיגען טאג און פארנאכט
מיט חשק נאך אמת האט ער שרעקליך געבלאנדזשעט!
איהר אינסטרומענטען, איהר מאכט חוזק פון מיר,
מיט ראד און קאם, וואלץ און ביגעל.
צו נאטור'ס טויערן האט איהר געזאלט זיין דער שליעסעל.
אבער איהר האט דעם ריעגעל ניט געוואלט אויפהייבען.
געהיימניספאל אין העלען ליכטיגען טאג
לאזט זיך נאטור ניט בערויבען דעם שלייער,
און וואס זי וויל ניט ווייזען דיין גייסט,
קענסטו עס ניט קריעגען אפילו מיט העק און שרויפען.
אלטעס מעבעל, וואס איך בענעטהיג ניט,
איהר שטעהט נאר דא ווייל מיין פאטער האט אייך בעדארפט;
דו אלטער פארמענט, דו ביסט מיר פעררויכערט,
ווייל דער לאמפ דא אויפ'ן טיש האט גערויכערט.
בעסער וואלט איך מיין ביסעל פערמעגען פערספענט,
ווי מיט דעם געבליעבענעם דא זיך צו פלאגען.
וואס דו האסט גע‏ירשה'ענט פון דיינע עלטערן,
איז בעסער זאלסט עס אליין פערדיענען און האבען;
וואס מען נוטצט ניט איז א שווערע לאסט,
נאר וואס דער אויגענבליק שאפט איז ניטצליך.
דאך ווארום שמידט זיך מיין בליק אויף יענער שטעלע?

איז דאס פלעשעל דארט א מאגנעט פאר מיינע אויגען?
ווארום ווערט מיר אויף איינמאל אזוי ליעבליך גוט,
פונקט ווי אין וואלד־פינסטערניס וואלט זיך בעוויעזען
לבנה־שיין?

איך גריס דיך, דו איינציגעס פלעשעל,
וועלכעס איך נעהם יעצט ארונטער מיט רעספעקט!
אין דיר פערעהר איך מענשען־וויטץ און קונסט.
דו הויכער בעגריף פון דער אייביגער רוה,
דו עססענץ פון אלע טויטליכע פיינע קרעפטען,
צייג דיין מייסטער וואס דו קענסט!
ווען איך זעה דיך, לינדערט זיך דער שמערץ,
ווען איך האלט דיך, ווערט דאס שטרעבען ווענינער,
און דער שטראם פון דעם גייסט ווערט אלץ קלענער און קלענער.
אהין, צו א גרויסען ים ווער איך איינגעלאדען,
רוהיג ליעגט ער צו מיינע פיס ווי א שפיעגעל,
צו אונבעקאנטע ברעגעס ווינקט צו מיר א שעהנער טאג.

א פייערדיגער וואגען שוועבט אויף לייכטע רעדער,
צו מיר קומט ער! איך פיהל מיך בערייט,
אויף א נייעם וועג די לופט דורכצוגעהען
אין נייע וועגען פון דיינער טהעטיגקייט.
אך, דאס הויכע לעבען, דאס געטער־גליק!
און ערשט א ווארעם, ווי פערדעקסטו עס?
יא, ווענד דיך נאר שנעל אב מיט דיין רוקען
פון דער שעהנער ערדען־זונן!

פאס נאר מוטה, צוברעך די טויערן, פאר
וועלכע יעדער געהט פארביי מיט שרעק.
אט דא איז די צייט צו בעווייזען,
אז א מענשען'ס שטאלץ ווייכט ניט די געטער הויכקייט,
ניט צו ציטערן פאר יענעם פינסטערן תהום
וואו די פאנטאזיע האט איהר אייגענע מארטער געשאפען,
נאר געהען פארווערטס און זיך ניט בעקימערן,

אז דאָרט געפינט זיך דאס מויל פון גיהנום;
צו דיעזען שריט זיך פעסט צו ענטשליעסען,
און כאָטש עס איז געפאהר, דאָך אין ענדליכקייט צו זינקען.

קום ארונטער, קריסטאַל־ריינער בעכער,
ארויס פון דיין אַלטען פוטערפאס,
אַן דעם וואס איך האָב יאהרענלאנג ניט געדענקט!
דו האסט געגלאַנצט ביי די סעודות פון די אבות,
פרעהליך געמאכט די ערנסטע געסט,
ווען איינער האט דיך דעם אנדערן דערלאַנגט.
פאר פיעלע בילדער האט ער געגעבען רייכע פּראכט,
דעם טרינקער׳ס פליכט איז, זי אין ריימען צו ערקלערען,
און מיט אייִן זופּ באַלד דערגרייכען דעם דנאָ,
און דאס ערינערט מיך אַן מאנכע יוגענדנאכט.
יעצט וועל איך דיך מעהר קיין שכן איבערגעבען,
איך וועל מיין וויטץ ניט צייגען אַן דיין קונסט;
אָט דאָ איז א זאפט, וועלכער מאכט שנעל שיכור.
מיט ברוינער פליסיגקייט פילסטו אַן ביז צום ראנד,
וואס איך האָב פּאַרבערייטעט, אויסגעקליעבען,
דאָס זאָל זיין דער לעצטער געטראַנק, מיט׳ן גאַנצען הארצען,
אלס יום־טוב׳דיגער הויכער גרוס צום מאָרגען!

ער לעגט צו דעם בעכער צום מויל.
גלאָקענקלאַנג און כאָר־געזאַנג.)

כאָר פון מלאכים *)

קריסט איז ערשטאַנדען!
פריידע דעם שטערבליכען,
דען די פערדערבליכען,

---

*) די געזענגע און כאָרען, וואס קומען דאָ פאָר פון אַן עכט קריסטליכען כאראקטער, האבען מיר איבערגעגעבען אין געטהע׳ס אייגענער שפּראך, אונפערענדערט. — דער איבערזעטצער.

שלאפענדען, ערבליכען
מענגעל אומוואנדען.

פאוסט.

וואס פאר א טיעפעס זשומען, וואס פאר א העלער טאָן
ציהט מיט געוואלט אוועק דעם בעכער פון מיין מויל?
זאגט מיר, איהר דומפּפע גלאָקען, דערצעהלט איהר
אפשר שוין די פייער־שטונדע פון דעם אָסטער־פעסט?
איהר כאָרען, זינגט איהר עס דאס טרייסטענדע געזאנג,
וואס האט אמאָל אין יענער נאכט געקלונגען פון מלאכים ליפּען
אנצוציינגען, אז א נייער בונד איז געשלאָסען?

ווייבער כאָר.

מיט שפּעצערייען
האטטען וויר איהן געפּפלעגט,
וויר, זיינע טרייען,
האטטען איהן הינגעלעגט;
טיכער אונד באנדען
רייגליך אומוואנדען וויר,
אך! אונד וויר פינדען
קריסט ניכט מעהר היער.

כאָר פון מלאכים.

קריסט איזט ערשטאנדען!
זעליג דער ליעבענדע,
דער די בעטריעבענדע,
היילזאם אונד איבענדע
פּריפונג בעשטאַנדען.

פאוסט.

וואס ווילט איהר מעכטיגע און זיסע הימעלס־טענער,
וואס קומט איהר צו מיר דאָ אין שטויב?

קלינגט בעסער דאָרט וואו רייכע מענשען געפינען זיך.
די שליחות הער איך גאַנץ גוט, בלויז אמונה פעהלט מיר!
דער נס איז דער אמונה'ס געליעבטעסטע קינד.
אין יענע וועגען וויל איך ניט וואַנדערן,
פון וואַנען די שעהנע בשורה קלינגט;
און דאָך, צו דיעזען קלאַנג געוועהנט פון דער יוגענד,
רופט ער מיך אויך יעצט צום לעבען.
ווען ניט וואָלט דער הימעלס־ליעבער קוש געקומען
צו מיר מיט דער ערנסטער שבת־שטילקייט;
פּלוצלינג האבען אויסגעקלונגען די גלאָקען־טענער
און א תפילה איז געווען מיין בעסטער גענוס.
אן אונבעגרייפליך זיעסעם בענקען
טרייבט מיך דורך וואַלד און פעלד צו געהען,
און אונטער טויזענד הייסע טרערען
האב איך געפיהלט א וועלט געבוירען ווערען.
דיעזעם ליעד האט אָנגעצייגט דער יוגענד'ס מונטערן שפּיעל,
דאס פרייע גליק פון דעם פריהלינגס יום־טוב.
זכרונות האלטען מיך אָב מיט קינדישע געפיהלען
דעם לעצטען, ערנסטען שריט צו מאכען.
אָך, קלינגט ווייטער איהר זיסע הימעל־טענער!
פליסט איהר טרערען, די ערד האט מיך וויעדער!

### כאָר פון תלמידים.

האט דער בעגראבענע
פאָן זיך נאָך אָבען
לעבענד ערהאבענע
הערליך ערהאָבען,
איזט ער אין ווערדעלוסט
שאַפענדער פריידע נאה;
אָך! אן דער ערדע ברוסט,
זינד וויר צום ליידע דא.
ליעם ער די זיינען
שמאַכטענד אונז היער צוריק,

אך! וויר בעוויינען,
מייסטער, דיין גליק!

### כאָר פון מלאכים.

קריסט איז ערשטאַנדען
אויס דער פערוועזונג שאָאָס.
רייסעט פאָן באַנדען
פריידיג אייך לאָז!
טהעטיג איהן פרייזענדען,
ליעבע בעווייזענדען,
ברידערליך שפייזענדען,
פרעדיגענד רייזענדען,
וואָננע פערהייסענדען,
אייך איזט דער מייסטער נאה,
אייך איזט ער דא!

### פאר'ן טויער.

(פערשיעדענע שפּאַציער־געהער געהען פארביי.)

### אייניגע ארבייטער אינגלעך.

וואס איז עפּעס גראדע דאָרט?

### אַנדערע.

מיר געהען ארויס צום יעגער־הויז.

### די ערשטע.

מיר ווילען אבער געהען צו דער מיהל.

### איין ארבייטער אינגעל.

איך ראָטה אייך צו געהען צום וואססערהויף.

צווייטער.

דער וועג אהין איז גאָר ניט שעהן.

די צווייטע.

וואס טהוסטו דען?

א דריטער.

איך געה מיט די אנדערע.

פיערטער.

קומט ארויף קיין בורגדאָרף; דאָרט געפינט איהר אוודאי
די שעהנסטע מיידלעך און אויך דאס בעסטע ביער
און אמוזירונג פון דער ערשטער קלאסע.

פינפטער.

דו באנדיט איינער,
בייסט דיך דען צום דריטען מאָל די הויט?
איך וויל ניט געהען אהין, מיך שוידערט עס.

דיענסט־מיידעל.

ניין! ניין! איך געה אין שטאדט אריין צוריק.

אנדערע.

מיר געפינען איהם געוויס שטעהען ביי יענע פאפעל־בוימער.

ערשטע.

דאס איז פאר מיר א קנאפעם גליק.
ער וועט זיך אלץ האלטען בלויז נעבען דיר.
מיט דיר אליין האלט ער אין איין טאנצען.
וואס קימערן מיך דיינע גדולות?

### אנדערע.

היינט איז ער געוויס ניט אליין,
דער געקרייזעלטער קאָפּ, האט ער געזאגט, וועט מיט איהם זיין.

### סטודענט.

אָווא! וואס פאר א שעהנע בתולות דאָרט?
ברודער, קום, מיר מוזען די נקבות בעגלייטען.
א גוט גלאז ביער, א געשמאקעם ביסעל טאבאק
און אן אויסגעפּוצטע מויד, דאס האב איך ליעב!

### בירגער מיידעל.

גיב נאָר א קוק די שעהנע בחורים דאָרטען!
עס איז כ׳לעבען א חרפּה און א שאנד;
זיי וואָלטען געקענט האבען די בעסטע געזעלשאפט,
נאָר זיי לויפען נאָך די דיענסט־מיידלעך.

### צווייטער סטודענט (צום ערשטען).

נאָר ניט געיאָגט! דאָרט קומען צוויי,
זיי זיינען גאנץ שעהן אָנגעטהאָן,
דערביי איז דאָרט דאָ מיינע א שכנה;
דעם אמת זאגענדיג, האב איך זיי ניט פיינד.
זיי געהען אפילו גאנץ שטיל באנאנד,
נאָרווארט, זיי וועלען אונז נאָך מיטנעהמען.

### ערשטער.

ניין, ברודערקע, דאס האב איך גאָר ניט ליעב.
שנעל! כדי מיר זאָלען די חיות ניט פערלירען.
די האנד וואס קעהרט דאס הויז אם שבת,
פערשטעהט אם בעסטען ווי דיך צו גלעטען אם זונטאג.

## בירגער.

ניין, אונזער בירגערמייסטער געפעלט מיר גאַר ניט!
אבער ווי ער איז, ווערט ער נאָך יעדען טאג ערגער.
און וואס מיינסטו טהוט ער פאר דער שטאדט?
ווערט עס ניט אלע טאג שלעכטער?
פאָלגען זאָל מען איהם נאָך מעהר ווי תמיד
און צאהלען מעהר ווי ביז אהער.

## בעטלער (זינגט).

איהר גוטע העררען, איהר שעהנע דאמען,
אזוי בעפּוצט און באקען־רויט,
לאָמיך אייך ניט דארפען דערמאָהנען
צו לינדערען מיין ביטערע נויט!
לאָזט מיך ניט אומזיסט זינגען,
לאָזט מיך ניט דאָ פערדארבען;
הערט ווי די גלאָקען קלינגען,
לאָזט מיך ניט פאר הונגער שטארבען.

## אַן אַנדערער בירגער.

קיין בעסערע זאַך אז ניטאָ פאר מיר אין די ימים טובים
ווי פּלוידערן אביסעל איבער די קריעגס־צייטען,
ווען הינטען, העט ווייט אוועק אין דער טירקיי
האבען די פעלקער זיך אנאנדער געשלאָגען.
מען שטעהט ביים פענסטער און מען טרינקט זיך א גלעזעלע
און מען בליקט צום טייך מיט די שעהנע שיפען שווימען;
דאן קעהרט מען אבער פרעהליך אהיים
און מען בענשט דעם פריעדען מיט די פריעדענס־צייטען.

## דריטער בירגער.

מיין ליעבער שכן! אזוי לאָז איך עס געהען.
זיי מעגען זיך דאָרט אפילו די קעפּ צושפּאַלטען.

זאָל אפילו אלעם חרוב ומוחרב ווערען,
אין דער היים בלייבט עס אלץ ביים אלטען.

## אלטע (צום בירגער־מיידעל).

אך, ווי אויסגעפּוצט און ווי פּרעכטיג שעהן!
ווער זאָל זיך אין אייך ניט פערליעבען?
נאָר ניט אזוי שטאָלץ, עס איז שוין גוט,
און וואס איהר ווינשט, וועל איך אייך העלפען בעקומען.

## בירגער־מיידעל.

קום אוועק, אגאטהא, גיב נאָר גוט אכטונג,
מיט אזעלכע מכשפות עפענטליך צו געהען!
זי האט אפילו אין דער סאַנט אנדרעאס נאכט
מיין קינפטיגען געליעבטען מיך געלאָזט זעהען.

## די אנדערע.

מיר האט זי איהם געוויעזען אין א קריסטאל,
א סאָלדאט צוזאמען מיט פיעלע קאָמפּאניאָנען;
איך קוק מיך ארום, זוך איהם איבעראל,
אבער ער איז פערשוואונדען געוואָרען.



# פאוסט און וואַגנער.

---

**פאוסט.**

פון אייז בעפרייט איז שטראָם און טייך
דורך דעם פריהלינג'ס שעהנעם, בעלעבענדען בליק;
אין טהאל גרינט האָפנונגס־גליק;
דער אלטער ווינטער אין זיין שוואַכקייט
האָט זיך דאָרט אויף די קאלטע בערג צוריקגעצויגען.
פון דאָרט שיקט ער, אבער בלויז פליהענדיג,
אָהנמעכטיג שוידער, שטיקלאך אייז
אין שטרייפען פאלען זיי איבער דעם גרינעם פעלד,
אבער די זונן האט פיינד ווייסעס,
איבעראל בעוועגט זיך און עס שטרעבט,
אלעס וויל זי מיט פארבען בעלעבען.
זעהסטו, בלויז בלומען פעהלען נאָך,
דערפאר נעהמט זי אהער די בעפוצטע מענשען.
קעהר דיך נאָר אום און פון דאַנען
בליק נאָר צוריק צו דער שטאָדט און זעה:
פון דעם לעדיגען, פינסטערן טויער
דרינגען זיך ארויס די מאַסען אין פערשיעדענע קליידער.
יעדער וויל זיך היינט שפיעגלען אן דער זונן;
מען פייערט גאָט'ס תחית המתים:
ווייל זיי אליין זיינען אויך לעבעדיג געוואָרען,
פון ניעדריגע הייזער, דומפּפּע קאַמערן,
פון די וואַרשטאַטען און ארבייטס קייטען,
פון דעם דרוק פון טהורעמס און דעכער,

פון די געקוועטשטע ענגקייט פון די מאסען,
פון דער ווערגענדער נאכט פון די קלויסטערס
זיינען זיי אלע צום ליכט געבראכט געוואָרען.
זעה נאָר, זעה! ווי שנעל די מאסען
בעוועגען זיך דורך גערטנער און פעלדער
ווי איבער'ן טייך, אין דער לענג און ברייט
שוועבען עס דאָרט די לוסטיגע מענשען.
און ביז צום זינקען אזוי איבערגעלאדען
דערווייטערט זיך פון דאָרט דאס לעצטע שיפעל.
אפילו די ווייטע וועגען אויפ'ן בארג
שפיגלען אָב די פארביגע קליידער.
איך הער שוין דעם דאָרף'ס געטומעל,
דאָ איז דעם פאָלק'ס אמת'ער גן־עדן,
צופריעדען שרייט גרויס און קליין,
דאָ בין איך מענש, דאָ דאַרף איך זיין.

### וואגנער.

מיט אייך, הערר דאָקטאָר, צו שפאצירען,
איז כ'לעבען א חיות און א געווינס;
דאָך וואלט איך דאָ ניט וועלען בלייבען,
ווייל איך בין א שונא פון גראָבעס און ניט געהובלעוועס.
דאס פיעדלען, שרייען, קעגעל־שפיעלען
איז מיר גאָר א פערהאסטער קלאנג;
זיי ליארמען ווי פון שדים אָנגעטריעבען
און רופען עס פרייד, רופען עס געזאנג.

(בויערן זינגען.)

### אלטער בויער.

זעהט איהר, הערר דאָקטאָר, דאס איז גאָר שעהן פון אייך,
וואס איהר זייט היינט צו אונז געקומען,
און אונטער דיעזען געדרענג פון פאָלק
זעהט מען ווי אזא געלערענטער געהט.

דערפאר נעהמט דעם שעהנסטען קרוג,
וואס מיר האבען אָנגעפילט מיט פרישער משקה.
איך ברענג איהם צו און ווינש אייך,
אז ניט נאָר זאָל זי אייער טרונק לעשען,
נאָר אויך פאר יעדען טראָפּען, וואס דאָרט געפינט זיך,
זאָלט איהר נאָך לעבען אזוי פיעלע יאהרען.

### פאוסט.

איך נעהם פון אייך אָן די משקה
און דאַנק אייך זעהר פון מיין הארצען.
(דאס פאָלק זאמעלט זיך אין א קרייז ארום.)

### אלטער בויער.

טאַקי זעהר גוט פון אייך,
וואס איהר זיינט היינט געקומען;
איהר האט עם פריהער אויך מיט אונז
אין ביטערע צייטען ניט אויסגעפעלט!
נאָך היבשע עטליכע געפינען זיך דאָ,
וועמען אייער פאטער האט צולעצט
אוועקגעריסען פון דעם פיעבער צאָרן,
ווען די כאָלערא האט דאָ געהערשט.
אויך דאמאלס האט איהר, א יונגער מאַן,
בעזוכט יעדעס קראנקען־הויז,
געהאָלפען האט איהר מתים ארויסטראגען,
איהר אבער זייט געזונד געבליעבען
און איבערגעשטאנען פיעלע פּראָבען,
ווייל אייך האט געהאָלפען דער העלפער פון אויבען.

### אללע.

געזונדהייט ווינשען מיר דעם בראַווען מאַן,
כח זאָל ער האבען אנדערע צו העלפען!

פאוסט.

פאר יענעם אויבען זאָלט איהר שטעהען געבויגען,
וועלכער לערענט צו העלפען און הילף שיקט.

(ער געהט מיט וואגנער'ן ווייטער.)

וואגנער.

וואס פאר א געפיהל מוזטו, אָ גרויסער מאן,
ביי דער פערעהרונג פון דער מאסע האבען!
גליקליך איז דער, וועלכער קען פאר זיינע מעשים
אזוי בעעהרט און בעלוינט ווערען!
דער פאטער ווייזט דאָך צו זיינע אינגלעך,
יעדער פרעגט, דרינגט און איילט;
די פיעדעל בלייבט שטעהען, דער טענצער ווארט.
ווען דו געהסט, שטעהען זיי אין רייהען,
וואַרפענדיג זייערע היטלען אין דער הויך.
און ווענינ פעהלט, דאן בייגען זיי די קניען,
גלייך ווי זיי געהען פארביי נעבען הייליגסטען.

פאוסט.

נאָר עטליכע שריט נאָך, ארויף צו יענעם שטיין!
דאָרט וועלען מיר זיך אביסעל אויסרוהען.
דאָ בין איך אָפט געזעסען גערדאַנקענפול אליין
און מיך געקוועהלט מיט בעטען און פאסטען.
מיט האָפנונג רייך, פעסט אין גלויבען,
מיט טרערען, זיפצען, הענד־ברעכעניש
האב איך געמיינט דעם סוף פון יענער פעסט
פון דעם גאָט אין הימעל ארויסצוווייסען.
דער דאנק פון די מאסען, קלינגט מיר ווי שפּאָט.
אָך, ווען דו וואָלסט נאָר געקענט אין מיין הארץ לעזען
ווי ווענינ פאטער און זוהן
זיינען ווערטה געווען אזא שבח!

מיין פאטער איז געווען אפילו אַן עהרענמאַן,
וועלכער האט איבער נאַטור און די הייליגע זאכען,
עהרליך געגוג, אבער אויף זיין אייגענעם אופן,
מיט פאַנטאַסטישער מיה נאכגעדענקט.
זיין צייט האט ער פערבראכט אין שווארצע קאַמערן,
וואו ער האט זיינע רעצעפּטען פארטיג געמאכט.
דאָרט האט זיך א רויטער ליב און א שטאַלצער געליעבטער
אין א ווארעמער באד מיט א ליליע פערלאָבט,
אוןביידע דאַן, מיט אָפענע פלאַמענפייער
זיינען פון איין בעט אין צווייטען געוואָרפען געוואָרען.
דאַן איז ערשיענען מיט שעהנע פארבען
די יונגע קעניגין אין גלאז,
דאס איז געווען די מעדיצין, די פּאַציענטען זיינען געשטאָרבען
און קיינער האט ניט געפרעגט: „ווער איז ניצול געוואָרען?"
אזוי האבען מיר מיט טייוולישע מעדיצינען,
אין דיעזע טהאלען, אין דיעזע בערג,
פיעל ערגער ווי די פעסט געוויטהעט.
איך אליין האב טויזענדער בער'סם'ט;
זיי זיינען געפאלען, איך מוז דערלעבען
צו הערען ווי מען לויבט דעם פרעכען מערדער.

## וואגנער.

ווי קענט איהר אייך דערפאר ערגערן!
טהוט ניט אַן עהרליכער מענש גענוג
די קונסט וואס מען האט איהם אנפערטרויעט
זי געוויסענהאפט און פינקטליך אויסצואיבען?
ווען דו אלס איננגעל ביסט מקיים כיבוד אב
אזוי ווערסטו גערן פון איהם אויפגענומען;
ווען דו, אלס מאַן, די וויסענשאפט פערמעהרסט,
דאַן קען דיין זוהן צום העכערן ציעל דערגרייכען.

## פאוסט.

אך, גליקליך איז דער, וואס קען נאך האפען,
פון דיעזען טעות ים ארויסצושווימען!
וואס מען וויים ניט, דארף מען גראדע האבען,
און וואס מען וויים, בענעטהיגט מען ניט.
דאך לאז ניט אונזער איצטיגע שעהנע צייט
דורך אזעלכע געדאנקען בעטריעבט ווערען.
זעה נאר, ווי אין דעם בלוט פון דער אבענד־זונן
די גרין־געהיעלטע שטיבלעך גלאנצען.
אזוי רוקט און שווינדעט, דער טאג האט אבגעלעבט,
דארט לויפט עס אוועק און פאדערט נייעס לעבען.
אך, וואלט מיך קיין פליעגעל אויפגעהויבען
זיך צו יאגען און שטרעבען אויף ווייטער!
איך זעה אין אייביגען אבענד־שטראהל
די שטילע וועלט צו מיינע פים,
די הויכקייטען גליהען, בערוהיגט יעדער טהאל,
דאס זילבערנע טייכעלע פליסט אין גאלדענע שטראמען.
זאל נאר דער ווילדער בארג מיט אלע זיינע העהלען
ניט פערשטעלען דעם גאט־געגליכענעם פארטשריט.
זעהט ווי דער ים מיט זיינע ווארעמע אויסגוסען
בעווייזט ער זיך פאר אייערע ערשטוינטע אויגען.
דאך זעהט אוים די געטטין ענדליך צו פערזינקען,
א גאנץ נייער חשק ערוואכט,
איך וויל מיר, איהר אייביגעס ליכט צו טרינקען,
פאר מיר דער טאג, הינטער מיר די נאכט,
איבער מיר דער הימעל, אונטער מיר די כוואליעס.
א שעהנער חלום, אבער ער פערשווינדעט.
אך! צו די גייסטיגע פליעגלען ווערט אזוי גרינג
קיין קערפערליכער זיך קענען צופאסען.
דאך איז עס מיט יעדען געבוירען,
אז זיין געפיהל ארויף און פארווערטס דרינגט,
ווען איבער אונז, פערלוירען אין בלויען זוים

איהר פרעכטיגעם ליעד די ליעבע זינגט,
ווען איבער די מעכטיגע בוימער־בעדעקטע בערג
שוועבט דער אדלער אויסגעברייטעט,
און איבער די טהאלען, די טייכען
שטרעבט דער קראַניך צו זיין היים.

## וואגנער.

איך האב אליין שוין אמאָל געהאַט פערפיהרערישע שטונדען,
דאָך אזאַ מין געדאַנק האב איך קיינמאָל ניט געהאט.
מען קען זיך גאַנץ גוט אָנזעטיגען אַן פעלד און וואלד,
און דעם פויגעל'ס פליהען וואָלט איך קיינמאָל ניט מקנא געווען.
זעהט איהר אבער, די פריידען פון גייסט טרייבען
אונז פון בוך צו בוך, פון בלאַט צו בלאַט!
דאָ ווערען ווינטער־נעכט אנגענעהם און שעהן,
א געבענשטעם לעבען ווארעמט אלע גליעדער,
און ווען דו עפענסט אויף עפּעס אַן אלט שטיק פּארמענט,
דאַן לאָזט זיך דער גאַנצער הימעל צו דיר ארונטער.

## פאָוסט.

דו ווייסט בלויז פון איין זאַך,
דאַן זאָלסטו פון דעם אַנדערן גאָר ניט וויסען!
צוויי נשמות וואוינען אין מיין ברוסט,
איינע וויל דיך פון דער אַנדערער שיידען.
איינע האַלט דיך מיט דער גאַנצער לעבענס־לוסט
אַן דער וועלט מיט אלע איהרע אברים;
די אַנדערע רייסט זיך ארויס פון דעם שטויב
און שטרעבט צו העכערע וועלטען.
אויב עס זיינען דאָ גייסטער אין דער לופט,
וועלכע הערשען צווישען ערד און הימעל,
דאַן שטייגט ארונטער פון אייער גאָלדענעם רויך
און נעהמט מיך אוועק צו נייעם, שעהנעם לעבען!

ווען איך וואָלט נאָר געהאַט אַ צויבער־מאַנטעל
און ער וואָלט מיך געטראָגען אין פרעמדע לענדער,
וואָלט ער מיר טהייערער געווען ווי די בעסטע קליידער
און פאר קיין קעניג׳ס מאַנטעל וואָלט איך איהם ניט פערביטען.

## וואגנער.

רוף ניט די גוט־בעקאַנטע באַנדע,
וואס שוויבעלט און גריבעלט אין דער לופט,
זי האט שוין דעם מענשען פיעל אונגליק
פון אלע זייטען צוגעבראַכט.
פון צפון קומט דער שאַרפער גייסטער צאהן
אויף דיר אראָב מיט שפּיטציגע צונגען;
פון מזרח קומען זיי אַן פערטרוקענט
און ערנעהרען זיך פון דיינע לונגען;
ווען דער מיטאַג שיקט זיי פון דער מדבר,
וועלכע פייער אויף פייער ווארפט אויף דיין שאַרבען,
דאַן ברענגט דער מערב פריהער ערפרישונג,
און דאַן דערטרינקט ער דיך צוזאַמען מיט פעלד און טהאָל.
זיי פאָלגען גערן, צום שאַדען פרעהליך בערייט,
זיי הערען גערן, ווייל זיי בעטריגען אונז גערן,
זיי שטעלען זיך ווי מלאכים פון הימעל
און מורמלען ווי ענגלען, ווען זיי זאָגען ליעגען.
דאָך, לאָמיר געהען! די וועלט איז גרוי געוואָרען,
די לופט געקיהלט, דער נעבעל געפאַלען.
אבענד שאַטצט מען ערשט אָב דאס הויז.
וואס שטעהסט אזוי און בליקסט ערשטוינט ארום?
וואס זעהסטו דאָרט אין דער פינסטערניש?

## פאוסט.

זעהסטו דאָרט דעם שווארצען הונד
דורך קאָרן און גאַרבען קומען?

וואגנער.

איך האב איהם שוין לאנג געזעהען, און ער איז
מיר גאר ניט וויכטיג פארגעקומען.

פאוסט.

האסט איהם גוט בעטראכט? וואס דענקסטו איז די חיה?

וואגנער.

עס איז א פודעל, וועלכער אויף זיין ארט
פרובירט צו געפינען די שפור פון זיין העררו.

פאוסט.

בעמערקסטו אבער, ווי אין ווייטע צירקלען
דרעהט ער זיך ארום אונז אלץ נעהנטער?
און אויב איך האב קיין טעות ניט,
לאזט ער צוריק פלאמען אויף זיין שפור.

וואגנער.

איך זעה גאר ניט, בלויז א שווארצען פודעל,
אייך נארען יעצט אייערע אויגען.

פאוסט.

מיר שיינט עס, אז ער וויקעלט כישוף־שטריק
ארום אונזערע פיס, אום אונז ארייצוצואפען.

וואגנער.

איך זעה איהם אונזיכער און מורא׳דיג ארום אונז שפרינגען,
ווייל אנשטאט זיין העררו, זעהט ער צוויי פרעמדע.

פאוסט.

דער קרייז ווערט ענג, אט איז ער שוין נאהענט!

### וואגנער.

דו זעהסט א הונד, אבער קיין גייסט,
ער ברומט און צווייפעלט, לעגט זיך אויפ'ן בויך,
שאקעלט מיט'ן עק — אט ווי הינט טהוען.

### פאוסט.

קום אהער! אין אונזער געזעלשאפט!

### וואגנער.

ער ווייזט אוים צו זיין א נארישער פודעל.
דו שטעהסט שטיל, ווארט ער אויף דיר;
רעדסט צו איהם, קוקט ער ארויף צו דיר;
פערליר עפעס, וועט ער עס ברענגען,
נאך דיין שטעקען וועט ער אין וואסער שפרינגען.

### פאוסט.

האסט רעכט; איך געפין טאקי קיין שפור
פון א גייסט; ער איז בלויז אבגעריכטעט.

### וואגנער.

ווען א הונד איז נאר גוט ערצויגען
קען ער זיך מעסטען מיט דעם קליגסטען מענשען.
יא, ער פערדיענט באמת דיין פריינדשאפט,
ווייל אונטער שיללער איז ער א גוטער סטודענט.

(געהען אריין אין שטאדט-טויער.)



# שטודירצימער.

פאוסט מיט דעם פודעל קומען אריין.

פאוסט.

פערלאָזען האב איך פעלד און טהאָל,
וועלכע זיינען בעדעקט פון טיעפער נאכט,
מיט הארץ־קלאַפּענעש און הייליגען שוידער
וועקט זי אין אונז אויף די בעסערע נשמה.
איינגעשלאָפען זיינען יעצט ווילדע אימפּולסען
מיט אַלערליי מעשים־תעתועים.
עס רעגט זיך בלויז די מענשען־ליעבע,
די ליעבע פון גאָט רעגט זיך יעצט.
זיי רוהיג פודעל, לויף ניט אהין און אהער!
וואס שמעקסטו דאָרט ביי דער שוועל?
לעג דיך אַניעדער נעבען דעם אויווען,
מיין בעסטעס קישען וועל איך דיר געבען.
ווי דו האסט אין דרויסען אויף דעם בארג־וועג
אונז דערפרייט דורך לויפען און שפּרינגען,
דערפאר וועל איך דיר יעצט געבען א פּלאַטץ,
אלס א ווילקאָמענער שטילער גאסט.
אַך, ווען אין אונזער ענגען צימער
די לאַמפּ וויעדער פריינדליך ברענט,
דאַן ווערט עס פרעהליך אין אונזער בוזעם
און ליכטיג אין אונזערע אויגען.
שכל הייבט וויעדער אָן צו רעדען,

און די האָפנונג בליהעט נאָך אמאָל;
מען בײנקט נאָך די לעבענס־טײכען,
אַך, אהין צום לעבענס־קוואל.
ברום ניט, פודעל! אין די הײליגע
טענער וואס נעהמען יעצט ארום מײן נשמה
וויל דער טהיערישער קול ניט פאסען.
מיר זײנען געוואָהנט, אז די מענשען זאָלען פערשפּאָטען
וואס זײ פערשטעהען ניט,
אז זײ זאָלען דעם גוטען און דעם שעהנעם,
און אלעס, וואס זײ איז קשה, בעשמוטצען;
וויל עס דער הונד ווי זײ, פערברומען?
אבער אַך! איך פיהל שוין בײ דעם בעסטען ווילען,
אז בעפריעדיגונג וויל מעהר ניט ארויספליעסען.
אבער פארוואָס איז דער שטראָם אזוי גיך טרוקען געוואָרען
און מיר זײנען ווידער אזוי דורשטיג?
דערפון האב איך שוין פיעל ערפאהרונג,
דאָך דיעזער מאנגעל לאָזט זיך אויספילען;
מיר לערנען צו שעטצען דאס איבער־ערדישע,
מיר בײנקען נאָך דער התגלות,
וועלכע אויף קײן פּלאַטץ ברענט דאס אזוי שעהן
ווי אין נײעם טעסטאמענט.
מיך דרינגט עס דעם גרונד־טעקסט צו עפענען,
און דעם הײליגען אָריגינאל
אין מײן געליעבטעם דײטש צו איבערזעטצען.

(ער מאכט אויף דאס בוך און קוקט זיך אײן.)

עס שטעהט געשריעבען: „אין אָנפאנג איז געוועזען דאס וואָרט!"
אָט דאָ בלײב איך שוין שטעהען און קען ניט ווײטער געהען.
איך קען דאס וואָרט ניט אזוי הויך אָבשעטצען,
איך מוז עס אנדערש איבערזעטצען,
אויב איך וויל זײן געפיהרט פון גײסט.
געשריעבען שטעהט עס: אין אָנפאנג איז געוועזען דער זינן,
דענק גוט איבער די ערשטע שורה,

אז דיין פעדער זאָל זיך ניט איבעראיילען.
איז עס דער זינן, וואס טהוט אַלעס און שאַפט?
האט עס געזאָלט שטעהען: אין אַנפאנג איז געווען די קראַפט!
דאָך, אזוי ווי איך האַלט דאס ביים אויפשרייבען,
זאגט מיר דאס הארץ, אז דערביי וועל איך ניט בלייבען.
מיר העלפט דער גייסט! פּלוצלינג זעה איך ראטה,
און שרייב זיכער: אין אַנפאנג איז געווען די טהאַט!
ווען דו ווילסט אין צימער בלייבען,
פּודעל, דאַן הער אויף שרייען,
הער אויף האַוועקען!
אזא שטערענדען חברה־מאַן
וויל איך נעבען מיר ניט האבען,
איינער פון אונזביידע
מוז פון צימער ארויס.
ניט ווילענדיג נעהם איך דאס גאַסטרעכט אוועק,
די טהיר איז אָפען, מעגסט דיר געהען.
אבער וואס איז דאס?
קען דאס נאטירליך געשעהען?
איז עס שאטען? איז עס ווירקליכקייט?
ווי ווערט דער פּודעל לאַנג און ברייט?
ער הייבט זיך מיט געוואַלט,
ניין, דאס איז ניט קיין פּודעל׳ס געשטאַלט!
וואס פאר א רוח האב איך אין מיין הויז געבראַכט!
קוק נאָר, אָט זעהט ער אוים ווי א ניל־פערד,
מיט פייעריגע אויגען, שרעקליכע צייהן.
אָה! יעצט וויים איך ווער דו ביסט!
פאר אזא האלבען גיהנום־שמש
דאַרף מען האבען שלמה המלך׳ם שליעסעל.

גייסטער (אין דרויסען).

אינוועניג געפאנגען איז איינער!
בלייבט אין דרויסען, געהט איהם ניט נאָך!

ווי אין פאסטקע דער פוקס
צאפּעלט דאָרט דער גיהנום־לוקס.
גיט נאָר אכטונג!
שוועבט אהין, שוועבט אהער,
ארויף און אראָב,
און ער האט זיך בעפרייעט.
אויב איהר קענט איהם ניטצען,
לאָזט איהם ניט זיטצען!
ווייל ער האט אונז אלע
שוין פיעלע טובות געטהאָן.

פאוסט.

צו בענגענען די חיה צום ערשטען
דארף איך האבען דעם שפּרוך פון די פיער:
סאלאמאנדער זאָל גליהען,
אונדענע זאָל זיך דרעהען,
סילפע פערשווינדען,
קאָבאָלד זיך מיהען.
ווער עס קען ניט,
די עלעמענטען,
זייער קראפט
און וויסענשאפט,
איז קיין מייסטער
איבער די גייסטער.
פערשווינד אין פלאמען,
סאלאמאנדער!
רוישענד פליעס צוזאמען,
אונדענע!
לייכט אין מעטעאָרען־שעהנקייט,
סילפע!
ברענג הויזליכע הילף,
אינקובוס! אינקובוס!

טרעט ארוים און מאך דעם שלום !
קיינער פון די פיער
ליעגט אין דעם טהיער.
עס ליעגט גאנץ רוהיג און קוקט מיך אָן ;
איך האב איהם נאָך ניט וועה געטהאָן.
דו זאָלסט מיך הערען,
שטארקער בעשווערען.
ביסטו חברה־מאַן,
אַן אנטלאָפענער פון גיהנום !
דאַן זעה דעם סימן,
פאר וועלכען עס בייגען זיך
די שווארצע חברה־לייט !
זעה נאָר ווי די האאר שטעלען זיך איהם קאפויר.
זאג נאָר אויסוואורף !
קענסטו איהם לעזען,
דעם ניט דערמאָהנענדען,
און־אויסגעשפּראָכענעם,
דורך אַלע הימלען געגאָסענעם,
מיט נעגעל דורכשטאָכענעם ?
דאָרט הינטערן אויווען
בלאָזט ער זיך אָן אין א העלפאנט,
דעם גאנצען אָרט פיללט ער אָן,
ער וויל אין נעבעל צוגאָסען ווערען.
פליה ניט ארוים דורך דער סטעליע !
לעג דיך צו דיין מייסטער׳ס פיס !
זעה נאָר, איך סטראשע ניט אומזיסט
איך וועל דיך ברענען מיט הייליגעם פייער !
ערוואַרט ניט
דאס דריימאָל גליהענדע ליכט !
ערוואַרט ניט
דאס שטאַרקסטע פון מיינע קונסט־שטיק !

מעפיסטאָפעלעס.

(אזוי ווי דער נעבעל פאַלט, ערשיינט ער פון הינטער דעם אויווען גע־
קליידעט ווי א רייזענדער געלעהרענטער.)

וועס איז דאָ פאר א ליארם? וואס קען איך פאר אייך טהון?

פאַוסט.

דאס אַלזאָ איז געווען דעם פודעל'ס תוך!
א רייזענדער געלערענטער? דער פאַל מאכט מיך לאַכען!

מעפיסטאָפעלעס.

איך סאַלוטיר דעם געלערענטען הערר!
איהר האט מיך געמאכט גאַנץ גוט שוויטצען.

פאַוסט.

ווי רופסט דו דיך?

מעפיסטאָפעלעס.

די פראגע זעהט מיר אוים קליין
איבערהויפט פאר איינעם וואס פעראכטעט דאס וואָרט,
דער וואס איז ווייט פון יעדען פוסטען גלאַנץ
און טראַכט זיך אריין בלויז אין וועזען'ס טיעפקייט.

פאַוסט.

ביי אייך, מיינע הערערן, קען מען דאס וועזען
געוועהנליך פון דעם נאמען לעזען,
איבערהויפט וואו עס ווייזט אָן דייטליך,
ווען מען רופט אייך בעל־זבוב, משחית אָדער שטן.
גוט, גוט, ווער ביסטו דען?

מעפיסטאָפעלעס.

א טהייל פון יענער קראַפט,
וואס וויל תמיד דאס שלעכטע און דאס גוטע שאפט.

פאוסט.

וואס מייגסטו מיט דיעזע געהיימע ווערטער?

מעפיסטאָפעלעס.

איך בין דער גייסט, וואס פערלאַנגט אימער!
און אויך מיט רעכט; דען אַלעס וואס ענטשטעהט,
איז ווערטה עס זאָל צו גרונד געהען.
דערפאר איז עס בעסער עס זאָל גאָר ניט ווערען.
דערפאר איז אַלעס וואס איהר רופט זינד,
משחיתים, קורץ וואס איהר רופט אָן שלעכט,
מיין וואהרער עלעמענט.

פאוסט.

רופסט דיך א טהייל און דאָך שטעהסטו גאַנץ פאר מיר?

מעפיסטאָפעלעס.

דעם פראָסטען אמת זאג איך דיר.
כאָטש דער מענש האַלט די קליינע
נארענוועלט פאר א גאַנצעס,
בין איך דאָך א טהייל פון דעם טהייל וואס איז אין אָנפאַנג
אַלעס געווען;
א טהייל פון דער פינסטערניש, וואס האט דאס ליכט געבאָרען,
שטאָלצעס ליכט! וואס וויל ביי דער מוטער נאַכט
אוועקנעהמען דעם רוים, דעם אַלטען ראַנג.
און דאָך געלינגט עס דעם ליכט ניט,
ווייל וואס עס טהוט, בלייבט עס אַלץ מיט'ן חומר,
פון דעם חומר שטראָמט עס ארויס, חומר מאַכט עס שעהן,
א קערפער פערהאַלט דאס ליכט אויפ'ן וועג.
איך האָף אבער, אז עס וועט ניט געדויערן לאַנג
און מיט די קערפער וועט דאס ליכט צו גרונד געהען.

פאוסט.

אויב אזוי ווייס איך וואס דיין עובדא איז:

מיט אמאָל חרוב מאַכען, קענסטו ניט,
דו הייבסט בלויז אָן מיט קליינינקייטען.

### מעפיסטאָפעלעס.

באמת האב איך ניט פיעל אויפגעטהאָן.
אין פערגלייך מיט דעם גאָר־ניט
איז דער עפּעס, דיעזע דינע וועלט,
אלעס וואס איך האב אונטערגענומען,
האב איך זי ניט געקענט בייקומען.
מיט כוואַליעס, שטורמס, מבול און בראַנד:
צום ענדע האט זיך ים און ערד בערוהיגט!
און דעם פערדאַמטען געזינדעל, חיות און מענשען,
זיי קען מען גאָר ניט טהון.
וויפיעלע איך האב שוין בעגראָבען!
און אימער צירקולירט נייעס, פרישעס בלוט!
אזוי געהט עס, אז מען קען משוגע ווערען!
פון דער לופט, וואַסער און ערד
קומען ארויס טויזענדער לעבענס־פאָרמען,
פון טרוקענעס, פייכטען, ווארעמען און קאַלטען!
ווען איך וואָלט פאַר מיר ניט דאס פייער בעהאַלטען,
וואָלט איך קיין איינציגע אייגענע זאך ניט געהאַט.

### פאַוסט.

אזוי, דו מיט דיין קאַלטער טייוועל׳ס האנד
האָסט זיך אָנגעזעטצט צו צושטערען
אלעס וואס די ברכה־ברענגענדע מאַכט שאַפט.
וואס נאָך ווילסטו יעצט טהון,
דו וואונדערבאַרער זוהן פון תוהו־ובוהו?

### מעפיסטאָפעלעס.

מיר וועלען ווירקליך דאס איבערלעגען;

צום צווייטען מאָל מעהר רעדען דאריבער.
האב איך די ערלויבנים יעצט צו געהען?

פאוסט.

איך זעה ניט איין פאר וואס דו פרעגסט.
איך האב דיך נאָר וואס דערקענט.
בעזוך מיך ווען דו ווילסט.
דאָ איז דאס פענסטער, דאָ איז די טהיר,
דער קוימען רעכען איך קען דיר אויך צונויץ קומען.

מעפיסטאָפעלעס.

איך מוז מודה זיין, אז ארויס שפאצירען
קען איך ניט, ווייל מיך שטערט
דער כישוף־צייכען אויף אייער שוועל.

פאוסט.

דאס פענטאגראמא מאכט דיר שמערץ?
אך, זאג מיר, דו גיהנום־זוהן,
ווען דאס שטערט דיך, ווי ביסטו ארייגעקומען?
ווי אזוי האט מען אזא גייסט אָבגענארט?

מעפיסטאָפעלעס.

קוקט זיך נאָר צו, עס איז ניט גוט געצויגען;
איין ווינקעל, וועלכער ליעגט פון דרויסען צו,
איז, ווי דו זעהסט, אביסעל אָפען.

פאוסט.

דאס האט דער צופאל גוט געטראָפען!
דאן ביסטו דאָך מיין געפאנגענער?
דאס איז גאָר ניט קיין שלעכטע זאך.

מעפיסטאָפעלעס.

דער פודעל האט ניט בעמערקט, ווען ער איז ארייןגעשפּרונגען,
די זאַך זעהט אבער איצט גאָר אַנדערש אוים,
דער טייוועל קען פון הויז ניט ארוים.

פאַוסט.

פאר וואָס'זשע געהסטו ניט דורכ'ן פענסטער ?

מעפיסטאָפעלעס.

עס איז א געזעטץ פאר'ן טייוועל און שדים:
דורך וואנען זיי זיינען אריין, מוזען זיי ארוים.
דאס ערשטע שטעהט אונז פריי, ביים צווייטען זיינען מיר קנעכט.

פאַוסט.

אפילו דער גיהנום האט זיינע רעכטע ?
דאס איז גאַנץ גוט! אויב אזוי
קען מען דאָך מיט אייך א געשעפט אָבשליעסען ?

מעפיסטאָפעלעס.

וואס מען פערשפּרעכט, דאס זאָלסטו קריעגען,
פון דעם וועט גאָר ניט אַראָבגענומען ווערען.
אבער דאס איז ניט אזוי גרינג צו שליעסען,
לאָמיר עס איבערלאָזען אויף אַנאַנדער מאָל.
דאָך יעצט בעט איך אייך זעהר שטארק,
בעפרייעט מיך פון דאנען.

פאַוסט.

בלויז נאָך אַן אויגענבליק,
אום מיר א גוטע בשורה אָנצוזאגען.

מעפיסטאָפעלעס.

איצט לאָז מיך אָב! איך קום באלד צוריק;
דאַן קענסטו פרעגען וואס דו ווילסט.

פאָוסט.

איך בין דיר ניט נאָכגעגאַנגען,
ביסט זעלבסט אין דער פּאַסטקע אריינגעפאַלען.
דעם טייוועל האַלט, ווער עס פּאַקט איהם,
ווייל אזוי גיך וועט מען איהם ניט צום צווייטען מאָל כאַפּען.

מעפיסטאָפעלעס.

ווען דו ווילסט גראַד, איז מיר אויך ניחא,
אין דיין געזעלשאַפט דאָ צו בלייבען.
דאָך באופן דיר די צייט
מיט מיינע קונץ־שטיק צו פערטרייבען.

פאָוסט.

אָך, פאר וואס ניט, דיר שטעהט עס פריי,
אָבי די קונץ זאָל נאָר ווערטה זיין צו זעהען.

מעפיסטאָפעלעס.

דו וועסט, מיין פריינד, פאר דיינע חושים,
אין דיעזער שטונדע מעהר געווינען
ווי אין א גאַנץ קיילעכדיגעס יאהר.
וואס דיר וועלען די צאַרטע גייסטער זינגען,
די שעהנע בילדער, וואס זיי וועלען דיר ברענגען,
זיינען גאָר ניט קיין פוסטע צויבערשפּיעל.
דיין חוש הריח וועט פיהלען א מחיה,
דיין גומען וועט גאָר האבען הנאה
און דאַן ערשט וועסטו דיך בעלעקען.

דערצו דארף מען זיך גאר ניט פארבערייטען,
אט דא זיינען מיר. פאנגט אן, חברה!

### גייסטער.

פערשווינדעט איהר טונקלע
געוועלבען פון אויבען.
רייצענדער בעוויז
פריינדליך דער בלויער
עטהער זאל קומען!
זאלען נאר די טונקלע
וואלקען צורונען ווערען!
שטערענדלעך פינקלען
מילדערע זונען
שיינען אין דעם.
הימלישע זיהן,
גייסטיגע שעהנע,
שלענגלען זיך דארט
און שוועבען פאראיבער,
ביינקענדע נייגונג
געהט אריבער;
און די געוואנדער,
פלאטערענדע בענדער
דעקען די לענדער,
דעקען די לאנקע,
וואו זיך פאר'ן לעבען
טיעף אין געדאנקען
ליעבענדע געהען,
לאנקע ביי לאנקע!
שפראצענדע בליהונג!
לאסטענדע טרויבען
פאלט אין בעהאלטער
דארט אין קעללער,

צוגעהען זיך אין טייכען
שווימענדען וויין ;
פליעסען דורך ריינע,
עדעלע שטיינער,
לאָזען די הויכקייטען
הינטער זיך ליעגען,
פערברייטען זיך אין טייכען
ארום גרינענדען בערגעל.
און די עופות
זיינען גאָר גליקליך,
פליהען צו דער זונן,
פליהען צו די ליכטיגע
אינזלען אהין,
וועלכע אויף כוואליעס
שאָקלענדיג וויעגען זיך ;
ווי מיר אין כאָרען
שרייענדע הערען ;
איבער די בערגלעך
טאנצענדע קוקען,
וועלכע אין פרייען
אלע צערשטרייען.
אייניגע קריכען
איבער די הויכקייטען,
אנדערע שווימען
איבער די טייכען.
אנדערע שוועבען ;
אלע צום לעבען,
אלע צו די וויטע,
ליעבענדע שטערען,
אייביגעם גליק.

מעפיסטאָפעלעס.

ער שלאפט ! אזוי איז גוט, איהר לוסטיגע, צארטע קינדער !

איהר האט איהם געטריי איינגעשלעפערט!
פאר דעם קאָנצערט בין איך איך שולדיג.
אָה ניין, דו ביסט נאָך ניט דער מאַן דעם טייוועל פעסטצוהאלטען!
רינגעלט איהם ארום מיט זיסע חלומות־בילדער,
לאָזט איהם ארונטער אין א ים פון פאַנטאַזיען,
דערווייל, אום צו צושפּאַלטען דיעזע פער'כישופ'טע שוועל
מוז איך האבען א צאָהן פון א מויז.
איך דאַרף ניט לאַנג בעשווערען,
אָט רוישט שוין איינע דאָ און זי וועט מיך באַלד הערען.
דער הערר פון די ראַטען און פון די מייז,
פון פליעגען, זשאַבעס, וואַנצען און לייז,
בעפעהלט דיר באַלד ארויסצוקומען
און דיעזע שוועל ארומצוגריזשען,
פונקט ווי זי וואָלט געוועזן מיט עהל בעשמירט.
נאָר שנעל צו דער ארבייט! דער שפּיטץ, וואס האט מיך
פערשפּאַרט,
אָט דאָרט ליעגט ער, אין יענעם ווינקעל.
נאָך א ביס! אזוי איז עס געשעהען!
יעצט, פאַוסט, חלום ווייטער, ביז צום ווידערזעהען.

פאַוסט (ערוואַכענדיג).

בין איך שוין ווידער בעטראָגען?
איז די גאַנצע גייסטער־ערשיינונג אזוי פערשוואונדען?
איז עס מעגליך, אז בלויז א חלום האט מיר דעם טייוועל געוויעזען
און דעם פודעל'ס פערשווינדען איז גאָר ניט געוועזן?



# שטודירצימער.

פאוסט, מעפיסטאָפעלעס.

פאוסט.

עס קלאפט ? אריין ! ווער וויל מיך ווידער פּלאגען ?

מעפיסטאָפעלעס.

איך בין עס.

פאוסט.

אריין !

מעפיסטאָפעלעס.

דו מוזט עס זאגען דריי מאָל.

פאוסט.

נו, קום אריין !

מעפיסטאָפעלעס.

אָט אזוי געפעלט עס מיר.
מיר וועלען, האָף איך, זיך גוט פערטראגען !
ווייל איך וויל דיר די מרה־שחורה פערטריבען.
איך קום צו דיר אַלס אדעליגער יונגער מאן,
מיט א רויטען גאָלד־בעלעגטען אנצוג,
דער מאנטעל פון גוטער זייד,
מיט א האָהן־פעדער אויף דעם הוט,
מיט א לאנגער, שפּיטציגער שווערט,

און איך ראטה דיך, ווי א גוטער פריינד,
זיך אויך אזוי אַנצוטהון,
כדי דו זאָלסט, אָט אזוי פריי
זיך בעגעגענען מיט אלעם אין לעבען.

## פאוסט.

אין יעדען קלייד וועל איך די פיין
פון דעם ענגען ערד־לעבען פיהלען.
איך בין צו אלט, אום בלויז צו שפיעלען,
צו יונג, אום קיין חשק ניט צו האבען.
וואס קען מיר די וועלט געבען ?
האלט זיך איין ! האלט זיך איין !
דאס איז דער אייביגער געזאנג,
וועלכער קלינגט יעדען אין די אויערן,
ווייל אונזער גאנצעס לעבען לאנג
קלינגט אונז אזוי די הייזעריגע מעלאָדיע.
נאָר מיט פערדרוס שטעה אויף אין דער פריה,
איך וואָלט געוויינט מיט ביטערע טרערען,
איבערצולעבען ווידער אמאָל א טאג
און קיין וואונש זיך ניט קענען ערפיללען.
אפילו די אהנונג פון יעדער לוסט
ווערט צושמעטערט און צופיצעלט.
און ווען די נאכט ענדליך קומט
מוז איך בעזאָרגט אויפ'ן געלעגער זיך אויסשטרעקען ;
אויך דאָ האב איך קיין מנוחה ניט,
ווילדע חלומות קענען מיך דערשרעקען.
דער גאָט, וואס אין מיין הארץ וואוינט,
קען מיך גאנץ טיעף אויפרעגען ;
דער גאָט, וואס הערשט איבער מיינע קרעפטען,
ער קען פון דרויסען גאָר ניט בעוועגען.
און דערפאר איז מיר דאס דאזיין א לאסט,
נאָכ'ן טויט בענק איך, דאס לעבען איז מיר פערהאסט.

מעפיסטאָפעלעס.

און דאָך איז דער טויט קיינמאָל ניט קיין ווילקאָמענער גאַסט.

פאוסט.

געבענשט איז דער, וועמען אין גרויסען זיעגעס־גלאַנץ
האט מען דעם בלוטיגען לאָרבער־קראַנץ ארום זיין שלייף
געבונדען,
אָדער דער, וועלכער איז נאָך א שנעלען ליעבעס־טאַנץ
געבליעבען ליעגען אין א מיידעל׳ס ארעם.
הלוואי וואָלט איך פון דער הויכער גייסטער קראַפט
ענטציקט, געבליעבען ליעגען א טויטער.

מעפיסטאָפעלעס.

און דאָך האט איינער א ברוינעם זאַפט
אין יענער נאַכט ניט אויסגעטרונקען !

פאוסט.

שפּיאָנירען, ווי עס שיינט, האָסטו ליעב.

מעפיסטאָפעלעס.

אללוויסענד בין איך אפילו ניט, דאָך פיעל איז מיר בעוואוסט.

פאוסט.

און פון דעם שרעקליכען טומעל
האט מיך געצויגען א זיס־בעקאַנטער טאָן,
ערוועקענדיג אין מיר קינדישע געפיהלען
און מיט דעם קלאַנג פון גוטע צייטען מיך אָבגענארט ;
אזוי פלוך איך אלע, וואס האבען די נשמה
מיט כישוף און מיט צויבער ארומגערינגעלט
און זי אין דיעזער טרויער־העללע

מיט בלינדיגקייט און שמייכלען פערשפארט!
פאר אלעמען זאל פערפלוכט זיין די הויכע מיינונג,
מיט וועלכער דער גייסט האט זיך ארומגערינגעלט!
פערפלוכט דאס בלענדען פון דער ערשיינונג,
וואס דרינגט זיך צו אונזערע חושים.
פערפלוכט אלעס, וואס שמייכעלט אונז אין חלומות,
איבער בעריהמטקייט און דויערהאפטער נאמען פוסטקייט!
פערפלוכט וואס נארט אונז אלס אייגענטהום,
ווי ווייב און קינד, ווי קנעכט און פפלוג!
פערפלוכט זאל זיין מאמאן, וועלכער מיט אוצרות
בעוועגט ער אונז צו געוואגטע טהאטען,
אדער ווען ער פיהרט אונז צו נאררישעס פערגניגען
בעט ער פאר אונז אויס די קישען.
פלוך איבער דער באלזאם-זאפט פון טרויבען!
פלוך יענעם העכסטען ליעבעס-גליק!
פלוך דער האפנונג! פלוך דעם גלויבען!
און פלוך איבער אלעמען דער געדולד!

גייסטער (וועלכע מען זעהט ניט).

וועה! וועה!
דו האסט זי צושטערט,
די שעהנע וועלט,
מיט מעכטיגער פויסט;
זי שטירצט, צופאלט זיך!
א האלב-גאט האט זי צושמעטערט!
מיר טראגען די חורבות
אריבער אין תוהו ובוהו,
און קלאגען
איבער די פערלוירענע שעהנע
מעכטיגער
פון די ערדען-זיהן,
פרעכטיגער

בויע זי ווידער,
אין די ברוסט בויע זי אויף!
נייער לעבענס-לויף
פאנגט אן,
מיט העלען זינן
און נייע לידער
קלינגען ארויס!

מעפיסטאפעלעס.

דאס זיינען מיינע קליינע
ליעבינקע גייסטער.
הער נאר ווי צו לוסט און טהאטען
זיי ווייסען אזוי גוט צו ראטהען.
אין דער וועלט העט ווייט,
פון דער איינזאמקייט,
וואו חושים און זאפטען ליעגען,
אט אהין ווילען זיי דיך פיהרען.
הער דיך אויף צו שפיעלען מיט דיין שמערץ,
וועלכער, ווי א רויב-פויגעל פרעסט ער דיין לעבען!
די ערגסטע געזעלשאפט לאזט דיר פיהלען,
אז דו ביסט א מענש מיט מענשען גלייך.
זעהסטו, אזוי האט מען עס גאר ניט געמיינט
דו זאלסט דיך אונטער די איבריגע שטעלען.
איך בין אפילו ניט קיין גרויסער,
דאך, ווען דו ווילסט, צוזאמען מיט מיר
דיין וועג נעהמען דורכ'ן לעבען,
וועט עס מיר זיין גאנץ אנגענעהם
דיינער צו זיין, באלד, אויף דער שטעלע.
איך בין דיין חבר,
און, אויב דיר איז רעכט,
בין איך דיין דיענער, דיין קנעכט!

פאָוסט.

און וואס זאָל איך פאר דיר טהון?

מעפיסטאָפעלעס.

ווארט, דארויף איז נאָך דאָ צייט.

פאָוסט.

ניין, ניין! דער טייוועל איז אַן עגאָאיסט
און טהוט ניט אזוי פון גאָט'ס וועגען
וואס אַן אנדערן קען נוטצען.
זאג בעסער ארוים דייטליך וואס דו ווילסט,
ווייל אזא דיענער ברענגט געפאהר אין הויז.

מעפיסטאָפעלעס.

איך וועל מיך דאָ אין דיין דיענסט שטעלען,
אויף דיין ווינק ניט רוהען און אלעם פאָלגען;
ווען מיר וועלען זיך ווידער דאָרט געפינען,
דאַן זאָלסטו פאר מיר דאסזעלבע טהון.

פאָוסט.

וואס דאָרט איז קען מיך ווייניג קימערן;
נאָך דעם ווי דו וועסט דיעזע וועלט חרוב מאכען
מעג אַן אנדערע געשאַפען ווערען.
אויף דיעזער ערד פליעסען מיינע פריידען,
און דיעזע זונן שיינט אויף מיינע יסורים;
ווען איך וועל מיך קענען פון זיי שיידען,
דאַן מעג געשעהען וואס עס וויל זיך.
דערפון וויל איך ווייטער גאָר ניט הערען,
אויב מען ליעבט זיך אויך לעתיד לבא,
און אויב עס איז פאראַנען אין יענע מקומות
דאָרטען אַן אויבען און אַן אונטען.

מעפיסטאָפעלעס.

אויב אזוי, דאַן קענסטו אלעס וואגען.
פערבינד זיך מיט מיר! דאַן זאָלסטו
מיט פרייד צוזעהען מיינע קונץ־שטיק.
איך וועל דיר געבען, וואס קיין מענש האט נאָך געזעהען.

פאַוסט.

וואס ווילסטו, ארעמער טייוועל, מיר געבען?
האט נאָך ווען עס איז, אזעלכער ווי דו
בעגריפען דאס שטרעבען פון א מענשען'ס גייסט?
דו האסט מאכלים, וואס זעטטיגען ניט,
האסט רויטעס גאָלד, וואס אָהן מנוחה
גלייך ווי קוועקזילבער, צורינט עס אין דער האנד,
א שפיעל, ביי וועלכען מען געווינט קיינמאָל ניט,
א מיידעל, וואס זייענדיג ביי מיין ברוסט,
וועט זי מיט חן'דעלעך מיין שכן בעצווינגען,
כבוד, הויכע און געוואלטיגע אמביציעס,
וואס פערשווינדען אקוראט ווי א מעטעאָר.
צייג מיר די פרוכט וואס פוילט איידער מען רייסט זי אָב,
און בוימער וואס בליהען יעדען טאג אויף'ס ניי.

מעפיסטאָפעלעס.

אזא אויפטראג שרעקט מיך גאָר ניט אָב,
מיט אזעלכע אוצרות קען איך דיר דיענען.
פון דעסטוועגען, ליעבער פריינד, וועט קומען די צייט
ווען מיר קענען אויך עפּעס גוטס במנוחה געניסען.

פאַוסט.

ווען איך וועל, ווען עס איז, במנוחה אויף מיין בעט ליעגען,
דאַן מעג שוין באַלד נעהמען א סוף פון מיר!
אויב דו וועסט מיך קענען שמייכלענדיג אָבנאַרען,

אז איך זאָל מיר אליין געפעלען ווערען,
און אויב דו קענסט מיך מיט גענוס בעטריגען —
דאַן זאָל עס זיין פאר מיר דער לעצטער טאג!
אָט דאס איז מיין וועטטע!

מעפיסטאָפעלעס.

גערט עס!

פאַוסט.

גיך און באלד!
וועל איך צום אויגענבליק זאגען!
בלייב נאָך אביסעל! ביסט אזוי שעהן! —
דאַן מעגסטו מיך אין קייטען שליעסען,
דאַן וויל איך גערן צו גרונד געהען!
דאַן מעג די טויטען־גלאָק קלינגען,
דאַן ביסטו פריי פון דיין דיענער.
זאָל דער זייגער שטעהען בלייבען, ווייזערס פאלען,
די צייט פאר מיר איז פאראיבער!

מעפיסטאָפעלעס.

איבערלעג דיר עס! מיר וועלען עס געדענקען!

פאַוסט.

דערצו האסטו א פוללעם רעכט,
איך וויים גאַנץ גוט וואס איך טהו;
א קנעכט בין איך דאָך דאָ סאַי־ווי־סאַי,
וואס איז דער חילוק אויב איך בין דיינער.

מעפיסטאָפעלעס.

איך וועל טאקי היינט באלד ביי דער דאָקטאָר־סעודה
אָנפאַנגען מיינע פליכטען אלס דיין דיענער.
אבער ווייסט דאָך, מען איז א לעבעדיגער מענש

און עס איז גוט דערפאר צו האבען א שטיקעל כתב.

פאוסט.

דו, פעדאנט, פאָדערסט אויך א כתב פון מיר?
האָסטו נאָך ניט געקענט א מאן מיט אַן עהרענוואָרט?
איז מיין וואָרט ניט גענוג עס זאָל אויף אייביג
פערזיעגלען מיך אָלס א פערלוירענער מענש?
בייזער גייסט, זאָג, וואס ווילסטו פון מיר?
בראָנז, מאַרמאָר, פאַרמענט, פאַפּיר?
זאָל איך מיט א גריפעל, גראָבער אָדער פען שרייבען?
איך גיב דיר פריי וואס דו ווילסט.

מעפיסטאָפעלעס.

וואס דארפסטו דיך אזוי אויפרעגען
און פערלירען אזא רעדנער־קונסט?
איין בלעטעל איז אויך גוט,
דאַרפסט נאָר אונטערשרייבען מיט א טראָפען בלוט.

פאוסט.

ווען דאס גראד געפעלט דיר,
מעג עס בלייבען אויך ביי דיעזער נארישקייט.

מעפיסטאָפעלעס.

בלוט איז א גאַנץ בעזונדערער זאפט.

פאוסט.

האב קיין מורא ניט אז איך וועל דעם קאָנטראַקט ברעכען.
דאס שטרעבען פון מיין גאַנצער קראפט איז צו
האַלטען וואס איך האב פערשפּראָכען.
אומזיסט בין איך געפלויגען צו הויך,

באמת בעלאנג איך מיט דיר צו איין כתה.
דער גרויסער גייסט האט מיך פעראכטעט,
פאר מיר פערשליעסט זיך די נאטור!
דער פאדעם פון דענקען איז צוריסען,
מיך עקלען שוין לאנג אלע וויסענשאפטען.
לאמיר אונזער פייערדיגען חשק פערזינקען
אין תהום פון קערפערליכעם פערגניגען.
איינגעוויקעלט אין כישוף־מאנטעל
זאל דער וואונדערבארער צויבער אונז דערפרייען.
לאמיר זיך אריינוואַרפען אין שטורם פון צייט,
זיך איבערגעבען אין רויש פון פאסירונגען,
פון מיינטוועגען מעג שמערץ און נחת,
ערפאלג און פערדרוס,
זיך פערבייטען און דורכמישען;
דער מענש דארף די אויפרעגונג!

## מעפיסטאפעלעס.

פאר אייך זאל ניט זיין קיין מאס און קיין ציעל.
וואס איהר ווילט, איבעראל מעגט איהר נאשען,
וואוהין איהר קומט, זאלט איהר עפעס כאפען,
זאל אייך וואויל בעקומען, וואס אייך שמעקט.
בלויז זייט ניט קיין נאר, און פערגינט זיך!

## פאוסט.

דו הערסט דאך, עס איז ניט קיין רעדע פון פרייד,
אין טומעל ווארף איך מיך אין שמערצליכען גענוס.
פערליעבטען האס, דערקוויקענדע יסורים.
מיין ברוסט וואס איז געהיילט פון וויסענשאפטס חשק,
זאל זיך ניט פערמאכען געגען שמערצען,
און וואס עס איז צוגעטהיילט דער גאנצער מענשהייט
וויל איך אין מיין אינגערן אליין געניעסען;
איהר פרייד, איהר וועה אויף מיין ברוסט אנלייגען,

און אזוי מיין „איך” פון איהר „איך” דערווייטערן,
און ווי זי, סוף־כל־סוף, חרוב ונחרב ווערען.

מעפיסטאָפעלעס.

אַך, גלויב מיר, אז שוין זייט טויזענדער יאהרען
קייעט מען אָט די דאָזיגע הארטע מאכלים,
און פון דער וויעג ביז צום קבר
האט נאָך קיין מענש דעם אַלטען זויערטייג פערדייעט!
גלויב איינעם פון אונזערע, אז דאס גאנצע
איז בלויז פאר א גאָט געמאכט געוואָרען!
ער געפינט זיך אין אַן אייביגען גלאַנץ,
אונז האט ער אין פינסטערניש בעהאַלטען,
און אייך האט ער פשוט געלעגט צווישען טאג און נאכט.

פאָוסט.

פון דעסטוועגען וויל איך עס אזוי.

מעפיסטאָפעלעס.

זאָל זיין אזוי ווען איהר ווילט!
בלויז איין זאַך טהוט מיר באנג, מיין פריינד;
די צייט איז קורץ, די קונסט איז לאַנג,
איך האב געמיינט, אז איהר וועט וועלען מיך פאָלגען.
זוכט אייך אוים א דיכטער אלס חבר!
לאָזט איהם שוועבען אין געדאנקען,
און יעדע עדעלע גרויסע מעלה
אויף אייער געעהרטען קאָפּ ארויפלעגען,
דעם לייב'ס מוטה,
דעם הירש'עם שנעלליגקייט,
דעם איטאַליענער'ס פייערדיגעם בלוט,
דעם נאָרד'ס פעסטער פערשטאנד.
לאָז ער פאר אייך דאס געהיימניס געפינען:
גרויסמוטה פערבונדען מיט כיטראָסט

און אויך מיט ווארעמע יוגענד פּאַסיאָנען
נאָך א געוויסען פּלאַן פיהרען צום פערליעבען זיך.
איך אליין וואָלט אזא הערר געוואָלט בעגעגענען
און איהם אָנרופען: הערר מיקראָקאסמוס.

פאוסט.

וואס בין איך דען ווען עס איז ניט מעגליך
צו דערגרייכען דעם מענשען׳ס קרוין,
נאָך וועלכער אלע יאָגען זיך?

מעפיסטאָפעלעס.

סוף־כל־סוף ביסטו אלץ — וואס דו ביסט.
טהו דיר אָן פּאריקען מיט מיליאָנען לאָקען,
ציה ארויף אן אייל־הויך דיינע זאָקען,
בלייבסט אלץ נאָר וואס דו ביסט.

פאוסט.

איך פיהל עס, אז אומזיסט האב איך אלע אוצרות
פון דעם מענשען׳ס געדאנקען דאָ אָנגעזאַמעלט,
און ווען איך זעטץ מיך ענדליך אניעדער
קוועלט אין מיר גאָר קיין נייע קראפט;
איך בין ניט אפילו אויף א האאר העכער
און צום אונענדליכען גאָר ניט נעהנטער.

מעפיסטאָפעלעס.

מיין גוטער הערר, איהר זעהט די זאכען
אָט פונקט ווי יעדער אנדערער זעהט זיי;
מיר דארפען עס אבער קליגער אָבארבייטען
איידער די לעבענס־פרייד פליהט פון אונז אוועק.
צום טייוועל! דו האסט דאָך הענד און פיס
און א קאָפּ און א הינטען, אלע זיינען דאָך דיינע!
און פון וואס איך געניעס און האב הנאה,

ווערט דען אלעם דערפאר ווענינער מיין?
ווען איך קען בעצאהלען פאר זעקס פערד
זיינען דען זייערע קרעפטען ניט מיינע?
איך לויף און יאָג וואוהין איך וויל
גלייך ווי איך וואָלט צוויי טוץ פים געהאט.
דערפאר, פרעהליך, ברודער, הער אויף קלערען
און קום לאָמיר אין דער וועלט אריין!
איך זאג דיר, איינער וואס טראַכט און קלערט
איז פונקט ווי א בהמה אויף א טרוקענעם פעלד
פערפיהרט פון א רוח און דרעהט זיי אין א קרייז,
ווערענד ארום ליעגט שעהנע גרינע פאשע.

פאוסט.

ווי זאָלען מיר דאס אָנהייבען?

מעפיסטאָפעלעס.

מיר געהען שוין אוועק.
צו וואס דארף מען זיך מאַטערן?
וואס איז דאס פאר א לעבען געפיהרט,
ווען מען דארף זיך און אנדערע נודיען?
לאָז דאס איבער פאר'ן שכן וואנסט!
וואס ווילסטו דיך פלאגען צו דרעשען שטרוי?
דאס בעסטע וואס דו קענסט שוין וויסען,
דארפסטו די יונגע ניט דערצעהלען.
אָט הער איך טאַקי איינעם אין קאָרידאָר.

פאוסט.

איך בין יעצט ניט אויפגעלעגט איהם צו זעהען.

מעפיסטאָפעלעס.

דער ארעמער יונג ווארט שוין לאנג

ער דארף ניט אונגעטרייסט אוועקגעהען.
קום, גיב מיר דיין ראָק און הוט,
די מאסקע וועט מיר גוט פאסען.

(ער קליידט זיך אָן.)

איך דארף נאָר א פערטעל שטונדע צייט;
דערווייל מאך דיך פארטיג צו דער שעהנער רייזע!

(פאוסט אב.)

מעפיסטאָפעלעס.
(אין פאוסט'ס לאנגען ראָק.)

פעראַכטע נאָר שכל און וויסענשאפט,
דעם מענשען'ס גאַנץ העכסטע קראַפט,
לאָז דיך נאָר פון בלינדיגקייט און צויבער פיהרען
און פון דעם ליגען־גייסט דיך שטארקען,
דאַן האב איך דיך שוין געוויס —
איהם האט דאס שיקזאל א גייסט געגעבען,
וועלכער אונבעזיעגט דרינגט ער אימער ווייטער,
און אין זיין גרויסער איילעניש
שפרינגט ער אריבער דער ערד'ס פריידען.
אָט דעם שלעפ איך מיר דורך דאס ווילדע לעבען,
דורך אלע פוסטע נאררישקייטען,
דאָרט וועט ער זיך מיר צאפלען און קלעפען,
און אין זיין גרויסען הונגער
זאָל עסען און טרינקען פאר זיינע נייגיעריגע ליפען שוועבען;
און ווען אפילו ער וואָלט זיך צום טייוועל ניט איבערגעגעבען,
וואָלט ער סאי־ווי־סאי צו גרונד געגאנגען.

(א סטודענט קומט אריין.)

סטודענט.

איך בין דאָ ערשט זייט א קורצע צייט,

און איך קום פול מיט הכנעה,
מיט א מאַן צו רעדען און צו קענען,
פון וועלכען אלע רעדען מיט יראת הכבוד.

מעפיסטאָפעלעס.

אייער העפליכקייט פרעהט מיך זעהר!
איהר זעהט פאר אייך בלויז א מענשען ווי אלע אנדערע.
האט איהר זיך שוין ערגעץ געווענדעט?

סטודענט.

איך בעט אייך, שענקט מיר אייער פריינדשאפט.
איך קום מיט א היבשע ביסעל מוטה,
אביסעל געלד און יוגענדליכעם בלוט.
מיין מאמע האט מיך גאָר ניט געוואָלט אוועקלאָזען,
אבער איך האב געוואָלט דאָ עפּעס רעכטס לערנען.

מעפיסטאָפעלעס.

איהר האט געטראָפען דעם רעכטען פּלאַטץ.

סטודענט.

באמת וואָלט איך שוין וועלען אוועקגעהען,
אין דיעזע מויערן, אין דיעזע האַללען
הייבט עס מיר גאָר ניט אָן צו געפעלען.
עס איז זעהר אָן ענגער אָרט,
מען זעהט קיין גרין בלעטעל, קיין בוים,
און אין די זאַלען, אויף די בײנק
פערגעהט מיר זעהען, הערען און דענקען.

מעפיסטאָפעלעס.

מען דארף נאָר געוואָהנט ווערען.
אזוי נעהמט א קינד דער מוטער׳ס ברוסט
אין אָנפאַנג אויך ניט שטארק ווילענדיג,

אבער שפּעטער דערנעהרט עס זיך מיט חשק.
אזוי וועט עס אייך מיט דער חכמה געהען
מיט יעדען טאג וועט איהר מעהר לוסט בעקומען.

סטודענט.

אויף חכמה׳ס האלז וואָלט איך מיך אויפגעהאנגען.
דאָך זאגט מיר, ווי קומט מען דערצו?

מעפיסטאָפעלעס.

ערקלערט אייך איידער איהר געהט ווייטער,
וואס פאר א וויסענשאפט איהר ווילט לערנען.

סטודענט.

איך וויל פשוט אזוי זיין געלערענט,
איך וואָלט וועלען וויסען, וואס עס איז אויף דער ערד,
וואס עס טהוט זיך אויפ׳ן הימעל
און דערגרייכען די וויסענשאפט פון דער נאטור.

מעפיסטאָפעלעס.

אויב אזוי, דאן זייט איהר אויף דער ריכטיגער שפור.
פון דעסטוועגען דארפט איהר אייך ניט לאָזען פערפיהרען.

סטודענט.

איך בין דערביי מיט לייב און זעעלע,
דאָך וואָלט איך אויך שטארק וועלען
אביסעל פרייהייט און צייט-פערטרייב
אין די שעהנע זומער ימים-טובים.

מעפיסטאָפעלעס.

געברויכט נאָר די צייט, זי געהט שנעל אוועק פון דאנען.
אָרדנונג וועט אייך לערנען צייט געווינען.
מיין טהייערער פריינד, איך ראטה אייך דערפאר
ערשטענס אָנצופאנגען לאָגיק צו לערנען.

דערביי וועט אייער גייסט גוט אָבגעריכטעט ווערען,
אין שפּאַנישע שטיוועל איינגעשנורט ווערען,
אַז איהר וועט, פאָרזיכטיג, פון היינט און ווייטער
אויף דעם געדאַנקען'ס געריבענעם וועג געהען,
און ניט טאַנצען, ארויף און אראָב,
מיט טעות'ן. אהין און אהער.
דאַן אין א טאג וועט מען אייך לערנען,
אַז דאס וואס איהר האט מיט אמאָל
געטריעבען, ווי עסען און טרינקען פאר,
איינס! צוויי! דריי! איז דערצו נעטהיג.
עס איז אפילו מיט דער פאַבריק פון געדאַנקען
ווי מיט א וועבער'ס מייסטערשטיק,
וואו איין טריט טרייבט טויזענד פעדעם,
די שיפעלעך אריבער און אריבער טרייבען,
די פעדעם ניט געזעהען פליעסען
און איין קלאפּ שלאגט טויזענד פערבינדונגען.
דער פילאָזאָף קומט אייך צו געהען
און בעווייזט אייך, אזוי מוז עס זיין:
דאס ערשטע איז אזוי, דאס צווייטע אזוי,
און דערפאר איז אזוי דאס דריטע און פיערטע.
און ווען דאס ערשטע און צווייטע זאָל ניט זיין,
וואָלט דאס דריטע און פיערטע ניט געווען.
דאס ליידען די סטודענטען פון איבעראַל,
דאָך איז נאָך קיינער קיין וועבער געוואָרען.
ווער עס וויל דאס לעבעדיגע דערקענען און בעשרייבען
זוכט פריהער דעם לעבעדיגען גייסט צו בעוועגען.
דאַן האט ער די טהיילען אין זיין האנד,
ליידער פעהלט איהם אבער דער גייסטיגער באנד
„ענקעירעסין נאטוראי," רופט עס די כעמיע
און דערמיט שפּאָטען זיי פון זיך זעלבסט.

סטודענט.

איך פערשטעה ניט וואס דאס הייסט.

מעפיסטאָפעלעס.

צום צווייטען מאָל וועט עס שוין בעסער געהען,
ווען איהר וועט לערנען ווי די זאכען צו פערקלענערען
און זיי צו קלאַסיפיצירען.

סטודענט.

איך ווער פון דעם אזוי צומישט,
גלייך ווי א מיהלראָד וואָלט מיר אין קאָפּ ארומגעגאנגען.

מעפיסטאָפעלעס.

נאכדעם, פאר אלע אַנדערע זאכען,
מוזט איהר זיך נעהמען צו דער מעטהאפיזיק!
איהר מוזט די טיעפזיניגע געדאַנקען לערנען,
אַלעס וואס פּאסט ניט אין מענשליכען געהירן.
אויב עס קלעפּט זיך יא אדער ניט,
אבי א שעהן וואָרט שטעהט אייך צו דיענסטען.
פאר אַלעמען זאָלט איהר אין דעם האַלבען יאהר
זיך איינפיהרען א רעגעל און אַן אָרדנונג.
פינף שטונדען לערנען האט איהר יעדען טאָג,
און איהר זאָלט ערשיינען פּונקט ביים גלאָקען קלאַנג.
זעהט נאָר גוט אַלעס איינשטודירען,
פּאָרבערייטעט זיך אין די האַנדביכער,
כדי איהר זאָלט שפּעטער בעסער זעהען,
אַז אַלצדינג וואס איהר זאגט, שטעהט אין בוך.
און אין שרייבען זאָלט איהר זיך גאָר פלייסען,
גראָד ווי דער רוח הקודש וואָלט אייך דיקטירט.

סטודענט.

דאס זאָלט איהר מיר צוויי מאָל ניט דארפען זאגען,
איך שטעלל מיר פאָר דעם ווערטה דערפון;
ווייל וואס מען בעזיטצט שווארץ אויף ווייס,
קען מען אויף תמיד געדענקען און וויסען.

מעפיסטאָפעלעס.

דאָך זאגט מיר וואס פאר א פאַקולטעט איהר ווילט.

סטודענט.

חכמת המשפט געפעלט מיר גראד ניט.

מעפיסטאָפעלעס.

איך האב אויף אייך קיין פאראיבעל ניט,
איך ווייס וואס דאס איז פאר א וויסענשאַפט,
עס מעהרען זיך דינים און משפטים
פונקט ווי אן אייביגע קראַנקהייט;
זיי שלעפּען זיך פון דור צו דור
און רוקען זיך פּאַוואָליע פון אָרט צו אָרט.
שכל ווערט אונזינן, וואָהלטהאַט א פּלאָג,
וועה דיר וואס דו ביסט אן אייניקעל!
פון דעם רעכט, וועלכעס איז מיט אונז געבאָרען,
פון דעם, ליידער! איז קיינמאָל קיין פראגע ניט.

סטודענט.

מיין אבשיי ווערט דורך אייך פערמעהרט,
גליקליך איז דער וועמען איהר קלערט אויף!
איך וואָלט כמעט שוין טהעאָלאָגיע שטודירט.

מעפיסטאָפעלעס.

איך וויל אייך ניט פערפיהרען,
וואס איז נוגע דיעזער וויסענשאַפט,
עס איז אזוי שווער דעם פאַלשען וועג אויסצומיידען,
עס ליעגט אין איהר אזוי פיעל פערבאָרגענער סם,
אז מען קען עס קוים פון מעדיצין אונטערשיידען.
אם בעסטען איז עס ווען איהר הערט בלויז איינעם
און איהר שווערט אויפ'ן מייסטער'ס וואָרט!
דאן געהט איהר דורך א זיכערן טויער
גלייך אריין אין טעמפעל פון געוויסהייט.

סטודענט.

אבער דאס וואָרט מוז דאָך עפּעס א מיינונג האבען.

מעפיסטאָפעלעס.

ריכטיג! אבער מען מוז זיך ניט צו פיעל קוועהלען;
ווייל פונקט דאָרט וואו בעגריפען פעהלען
קומט אַ וואָרט אין צייט און שטעלט זיך אריין.
מיט ווערטער קען מען אויסגעצייכענט מלחמה האלטען,
מיט ווערטער קען מען גרינדען א גאַנצען סיסטעם,
אַן ווערטער לאָזט זיך אויסגעצייכענט גלויבען,
פון א וואָרט קען מען אפילו קיין קוצו של יוד ניט רויבען.

סטודענט.

פערצייהעט, איך האַלט אייך אויף מיט צו פיעל פראגען,
דאָך מוז איך אייך נאָך ווייטער בעמיהען,
ווילט איהר מיר ניט איבער דער מעדיצען
אויך עטליכע קרעפטיגע ווערטער זאגען?
דריי יאהר איז אפילו א קורצע צייט,
אבער אַך, גאָטט, דאס פעלד איז זעהר ברייט.
ווען מען ווייזט איינעם נאָר מיט א פינגער
קען מען שוין דערנאָך אליין דעם וועג געפינען.

מעפיסטאָפעלעס (פאר זיך).

פון די טרוקענע טענער בין איך שוין זאַט,
איך מוז ווידער שפּיעלען דעם טייוועל.

(הויך)..

דעם גייסט פון דער מעדיצין איז לייכט צו בעגרייפען;
איהר שטודירט דורך די גרויסע און די קליינע וועלט,
כדי איהר זאָלט עס צום ענדע לאָזען געהען
אַט ווי עס געפעללט דעם רבונו־של־עולם.
אומזיסט שוועבט איהר ארום פאר וויסענשאַפט,
א יעדער לערנט נאָר וואס ער קען לערנען;

אבער דער וואס פאקט דעם אויגענבליק,
יענער זעהט איהר, איז דער רעכטער מענש.
איהר זייט גאנץ גוט געבויעט,
אין מוטה וועט עס אייך אויך ניט פעהלען
און ווען איהר טרויעט נאך אויף זיך אליין,
דאן וועלען אייך אנדערע אויך טרויען.
איבערהויפט לערנט זיך פיהרען די ווייבער;
זיי האבען אן אייביגען „אך“ און „וועה“,
אזוי טויזענדפאכיג
און דאך נאר אויף איין וועג צו קורירען.
און ווען איהר האנדעלט בלויז עהרליך האלבוועגס
האט איהר זיי שוין אויך אלע אין אייער האנד.
פאר אלעמען מוזט איהר האבען א דיפלאם
אז אייער קונסט איבערשטייגט אנדערע פיעל קונסטען;
דאן נעהמט איהר זיך טהון וואס איהר ווילט
אום וועלכע אן אנדערער האט יאהרענלאנג געארבייט.
איהר פערשטעהט ווי אזוי דעם דופק צו פיהלען
און איהר נעהמט זי אן מיט פייערדיגע, כיטרע בליקען,
אמאל אויך ארום דער שלאנקער טאליע,
אום צו זעהען ווי פעסט זי איז איינגעשנירט.

סטודענט.

דאס זעהט שוין בעסער אויס! מען זעהט דאך וואו און ווי.

מעפיסטאפעלעס.

גרוי, טהייערער פריינד, איז יעדע טהעאריע,
און גרין איז דעם לעבענס גאלדענער בוים.

סטודענט.

איך שווער אייך, מיר איז עס ווי א חלום.
מעג איך אייך נאך אמאל בעמיהען
אום פון אייער חכמה אין דעם ענין צו הערען?

מעפיסטאָפעלעס.

איך בין תמיד בערייט פאר אייך אלעם צו טהון.

סטודענט.

איך קען ניט יעצט אוועקגעהן,
איך מוז אייך אויך איבעררייכען מיין אלבום.
טהוט מיר נאָך די איינע טובה!

מעפיסטאָפעלעס.

מיט פערגניגען.

(ער שרייבט און גיט צוריק דאס בוך.)

סטודענט (לעזט).

**Eritis sicut Dens, scientes bonum et malum***)

(מיט יראת הכבוד מאכט ער צו דאס בוך. עמפפעהלט זיך.)

מעפיסטאָפעלעס.

פאָלג נאָר דעם אלטען שפּרוך און אויך מיין מוהמע די שלאַנג,
ווארט, עס וועט דיר נאָך אמאָל באנג טהון, דו צלם אלהים.

(פאַוסט קומט אריין.)

פאַוסט.

נו, וואוהין זאָלען מיר יעצט געהען?

מעפיסטאָפעלעס.

וואוהין דיין הארץ געלוסט.
מיר וועלען זעהען די קליינע, דערנאָך די גרויסע וועלט,

*) דיעזע ווערטער זיינען וואס דער נחש האט געזאגט צו חוה'ן: „והיתם כאלהים יודעי טוב ורע". מעפיסטאָפעלעס שרייבט זיי אויף לאַטייניש אין סטודענט'ס אלבום. — דער איבערזעטצער.

מיט וואס פאר א שמחה, מיט וואס פאר א נוטצען
דו וועסט דעם שטודיום דורכגעהען!

פאוסט.

בלויז מיט מיין לאנגער באָרד קען איך ניט פיעל טהון,
איך מוז אויך האבען גרינגע לעבענסאַרט.
מיר וועט קיין זאך ניט געלינגען צו טהון,
ווייל איך האב צו דער וועלט קיינמאָל ניט געטויגט;
פאר אנדערע פיהל איך מיך אזוי קליין,
איך וועל תמיד ניט וויסען וואס אָנצופאנגען.

מעפיסטאָפעלעס.

מיין גוטער פריינד, דאס אלעס וועט באלד פאראיבער,
אזוי גיך ווי דו טרויעסט דיר נאָר, באלד וועסטו וויסען ווי צו לעבען.

פאוסט.

ווי אזוי פאנגען מיר אָן אונזער רייזע?
האסטו פערד, קנעכט, א דראָשקע?

מעפיסטאָפעלעס.

מיר שפרייטען בלויז אויס דעם מאנטעל
און ער וועט אונז שוין טראגען אין דער לופטען;
דו דארפסט נאָר אויף אונזער רייזע
ניט מיטנעהמען קיין גרויסע בינטלעך.
אביסעלע פייער־לופט, וואס איך וועל פאַרבערייטען,
הייבט אונז באלד אויף פון דיעזער ערד;
און ווען מיר זיינען נאָר ניט שווער, דאן געהט עס שנעל;
איך גראַטוליר דיך צום נייעם לעבענסלויף.

# אויערבאַך׳ס קעלער אין לייפּציג.

פראָש.

וויל קיינער טרינקען? קיינער לאַכען?
לאָמיר אייך נאָר לערנען פרעהליך זיין.
איהר זייט עפּעס היינט ווי נאַסעס שטרוי,
אמאָל ברענט איהר ווי דארע שפּענער.

בראַנדער.

דאס איז דיין שולד; ווייל דו ווייזט גאָר ניט,
קיין איינציגע דומהייט, קיין זאך צום לאַכען.

פראָש.

(גיסט איהם ארויף א גלאָז וויין אויפ׳ן קאָפּ.)
דאָ האסטו ביידע.

בראַנדער.

ביסט א צווייפאכיגער חזיר!

פראָש.

איהר ווילט עס דאָך מען זאָל אזוי זיין!

זיעבעל.

ארויס פון דאנען, ווער עס קריעגט זיך!
פון גאנצען הארצען, זינגט, טרינקט און ליארמט!
האָללאָ! האָללאָ! האָ!

אלטמייער.

גענוג, חברה, הערט אויף אזוי צו קוויטשען,
גיט מיר א שטיקעל וואטע! מאכט מיך טויב!

זיעבעל.

ווען דער ווידער־קול קלינגט אָב צוריק,
דאַן פיהלט מען ערשט ווי דער באַס זינגט.

פראָש.

ריכטיג! ווארפט ארויס יענעם, וואס געפינט זיך בעליידיגט!
סו, טארא, לא רא, דאָ!

פראָש.

די העלזער זיינען געשטימט!

(זינגט.)

דאס ליעבע, הייליגע רוימישע רייך,
ווער האלט עס נאָר נאָך צוזאַמען?

בראַנדער.

א פאַסקודנע ליעד! פוי! א פּאָליטישעס ליעד!
א פּוסטע ליעד! דאַנקט גאָט יעדען מאָרגען,
וואס איהר דארפט ניט זאָרגען פאר'ן רוימישען רייך!
איך שעטץ מיך פשוט זעהר גליקליך,
וואס איך בין ניט קיין קייזער אָדער פרעמיער.
דאָך מוז אויך אונז קיין בעל־הבית ניט פעהלען;
לאָמיר אויסוועהלען א פּאַפּסט.
ווייסט איהר וואס פאר א מעלות
איינער בעדארף צו האבען ערפּאָלג?

פראָש.

פליה נאָר ארויף, מאַדאַם נאַכטיגאַלל,
גרים מיין געליעבטע צעהן טויזענד מאָל.

זיעבעל.

דער געליעבטער קיין גרוס! איך וויל דערפון ניט הערען!

פראָש.

דער געליעבטער א גרוס און א קוס, דאס וועסטו מיר ניט פערוועהרען!

(זינגט.)

ריעגעל אויף! אין שטילער נאכט.
ריעגעל אויף! דער געליעבטער וואכט!
ריעגעל אויף! אין פריהמאָרגען!

זיעבעל.

יא, זינג, זינג נאָר, און לויב און ריהם זי!
עס וועט קומען א צייט ווען איך וועל לאכען.
זי האט מיך ביי דער נאָז געפיהרט, דיר וועט זי אויך אזוי טהון.
אם בעסטען וואָלט זי וועלען עפּעס א ליז פאר א געליעבטען.
ער וואָלט זיך מיט איהר אויף די קרייץ־וועגען בעגעגענט.
אַן אַלטער באָק, וועלכער קומט צוריק פון בלאָסבערג,
וואָלט אין זיין לויפען איהר גוטע נאכט צוגעמעקעט.
א בראווער יונג, בלויז פון פלייש און בלוט
איז פאר אזא נקבה ניט גוט גענוג.
איך וויל ניט וויסען פון קיין אַנדערן גרוס,
ווי בלויז איהרע פענסטער אויסצוברעכען.

בראנדער (קלאפּענדיג אין טיש).

שטיל, רוהיג, הערט נאָר אויס!
איהר, הערנען, זייט מודה, אז איך וייס ווי צו לעבען:
פערליעבטע חברה־לייט זיטצען דאָ,
און זיי מוז מען אַביסעל אויפמונטערן,
אַלס א גוטע נאכט זיי אַמוזירען.

הערט אויס א ליעד פון נייעסטען שניט,
אלע אין כאָר לוסטיג זינגט נאָר מיט.

(זינגט).

אמאָל איז געווען א ראַט אין א קעלערנעסט,
געלעבט האט ער פון שמאַלץ און פוטער,
ביז זיין בייכעל איז געוואָרען אזוי פעט
פונקט ווי דער דאָקטאָר לוטהער.
די קעכין האט סם־המות בעשטעלט;
איז עס געוואָרען אזוי ענג אין דער וועלט,
גלייך ווי ער וואָלט געהאט ליעבע אין בויך.

כאָר (שרייענדיג).

**גלייך ווי ער וואָלט געהאט ליעבע אין בויך.**

בראַנדער.

ער איז געלאָפען ארום, געלאָפען ארויס,
געטרונקען פון אַלע טייכלעך,
צוגעסען, צוקראַצט דאס גאַנצע הויז,
אבער עס האט איהם גאָר ניט געהאָלפען.
ער האט געמאַכט פיעלע יסורים־שפרונגען,
אבער ער האט שוין באַלד געהאַלטען ביי דער גסיסה,
גלייך ווי ער וואָלט געהאט ליעבע אין בויך.

כאָר.

**גלייך ווי ער וואָלט געהאט ליעבע אין בויך.**

זיעבעל.

ווי די נאַרישע יונגען פרייען זיך!
געהערט א מין חכמה, א מין קונצשטיק,
גיפט צו געבען פאַר די אָרעמע ראַטען!

### בראַנדער.

עס ווייזט אויס, אז זיי זיינען דיינע גוטע ברידער?

### אלטמייער.

דער גראַבער בויך מיט'ן פליך!
דעם ראַט'ס אונגליק מאַכט איהם מילד;
ער זעהט אין דעם געשוואָלענעם ראַט
א בילד אַקוראַט פון זיך אליין.

(פאַוסט און מעפיסטאָפעלעס.)

### מעפיסטאָפעלעס.

איך מוז יעצט גאַנץ פאר אלעמען
דיך אריינברענגען אין לוסטיגער געזעלשאַפט,
כדי דו זאָלסט זעהען ווי מען קען גרינג לעבען.
ביים פאָלק דאָ, איז יעדער טאָג א יום־טוב.
מיט וועניג וויטץ, אבער פיעל צופריעדענהייט
דרעהט זיך יעדער ארום זיך ארום,
ווי יונגע קעטצלעך ארום זייער עק.
זיי קלאָגען זיך ניט אויף קאָפּ־וועהטאָג,
כל־זמן דער ווירטה ווייטער באָרגט
זיינען זיי גליקליך און זאָרגען ניט.

### בראַנדער.

זיי קומען נאָר פון דער רייזע,
דאס דערקענט מען באַלד אָן זיי,
אז זיי זיינען דאָ נאָך קיין שטונדע ניטאָ.

### פראָש.

אמת, דו האסט רעכט! לייפּציג איז פאר מיר אָפּ בעסטען,
עס איז ווי קליין פאַריז און בילדעט דאָרט אוים די מענשען.

זיעבעל.

וואס דענקסטו איבער די פרעמדע ?

פראָש.

לאָז מיך נאָר צורוה! ביי א פולער גלאָז
וועל איך אזוי גרינג, ווי א קינדערצאהן
ביי זיי ארויסציהען זייער געהיימנים.
זיי שיינען מיר אריסטאָקראַטען צו זיין,
זיי זעהען אויס שטאָלץ און אונצופריעדען.

בראַנדער.

איך וועט, אז זיי זיינען געוויס מאַרק שרייער!

אַלטמייער.

פיעללייכט.

פראָש.

גיט אכטונג, איך נעהם מיך צו זיי.

מעפיסטאָפעלעס (צו פאוסט).

דיעזע חברה וועט ניט פיהלען, אז דער טייוועל איז דאָ
אפילו ווען ער זאָל זיי נאָך האַלטען ביים גאָרגעל.

פאוסט.

גוט מאָרגען, מיינע הערדען!

זיעבעל.

פיעל דאנק פאר אייער גרוס!

(שטיל בליקענדיג אויף מעפיסטאָפעלעס'ן פון א זייט.)

וואס איז דאס מיט איהם, פאר וואס הינקט ער ?

מעפיסטאָפעלעס.

ערלויבט איהר אונז נעבען אייך זיך צו זעטצען?
אויב דאָ איז אפילו קיין גוטער ווײַן ניטאָ,
דאַן געפינט מען כאָטש פרעהליכע געזעלשאַפט.

אלטמייער.

איהר זעהט אויס צו זײַן א גרויסער מפונק.

פראָש.

עס זעהט אויס, אז איהר זייט נאָר וואס פון ריפאך געקומען?
האט איהר דאָרט מיט הערר האנס נאַכטמאָהל געגעסען?

מעפיסטאָפעלעס.

מיר זײַנען דאָרט הײַנט בלויז פארבײַגעפאהרען;
ווען מיר האבען מיט איהם צום לעצטען מאָל גערעדט.
האט ער געהאַט פיעל צו דערצעהלען איבער זײַנע קוזינען,
און אונז געהייסען זיי אלע הערצליך גריסען.
(ער בייגט זיך צו פראָש'ן.)

אלטמייער (שטיל).

אָט האסטו דיר עס!

זיעבעל.

א כיטרער בחור!

פראָש.

ווארט נאָר, ער וועט מיר ארײַנפאלען!

מעפיסטאָפעלעס.

ווען איך האב קיין טעות ניט,
האבען מיר געהערט א כאָר זינגען?

עס איז געוויס, אז געזאנג מוז
פון דיעזער מויער פרעכטיג קלינגען!

פראָש.

עס שיינט ווייל איהר זייט א ליעבהאבער פון אזעלכע זאכען!

מעפיסטאָפעלעס.

אָה, ניין! די קראפט איז שוואך, בלויז די לוסט איז גרויס.

אלטמייער.

זינגט אונז א ליעד!

מעפיסטאָפעלעס.

אויב איהר ווילט, וועל איך זינגען וויפיעל איהר ווילט.

זיעבעל.

עס זאָל נאָר זיין עפּעס א נייע זאך!

מעפיסטאָפעלעס.

מיר קומען נאָר וואָס פון שפּאניען צוריק,
פון דעם לאנד פון וויין און געזאנג.

(זינגט.)

אמאָל איז געוועזן א קעניג,
האָט ער געהאט א גרויסען פלוי —

פראָש.

הערט נאָר הערט! א פלוי איז דאָס געוועזן!
א פלוי מוז זיין א גאנץ פיינער גאסט.

מעפיסטאָפעלעס (זינגט).

אמאָל איז געוועזן א קעניג,
האָט ער געהאט א גרויסען פלוי,
ער האָט איהם געליעבט ניט וועניג,

אַט ווי זיין אייגענעם זוהן.
האָט ער גערופען זיין שניידער,
דער שניידער איז געקומען צו געהן,
נעהם מעסט איהם אָן דעם בחור,
נעהם מעסט איהם הויזען אָן.

## בראַנדער.

פערגעסט נאָר ניט דעם שניידער צו זאָגען,
אז ער זאָל גוט נעהמען די מאָס,
און ער זאָל נאָר גוט אכטונג געבען,
אויף די הויזען זאָלען ניט זיין קיין קנייטשען.

## מעפיסטאָפעלעס.

אין סאַמעט און אין זייד
איז ער געוועזן אָנגעטהאָן,
בעהאַנגען איז ער געוועזן מיט בענדער
און אויף א קרייץ דאַרויף.
געוואָרען איז ער מיניסטער,
געטראָגען א גרויסען שטערען,
און אַלע זיינע קרובים
זיינען געוואָרען גרויסע הערען.
און הערען און פרויען אין הויף
זיינען געוועזן זעהר געפּלאָגט,
די קעניגין און איהר קאַמער־מיידעל
געוועזן געביסען און גענאָגט.
גערארפט האָט מען זיי ניט קניקען
און זיי ניט פערטרייבען;
דאָך קניקען און דערשטיקען מיר
זיי גלייך ווען זיי בייסען אונז.

## כאָר (שרייענדיג).

דאָך קניקען און דערשטיקען מיר
זיי גלייך ווען זיי בייסען אונז.

פראָש.

בראוואָ! בראוואָ! דאָס איז שעהן!

זיעבעל.

אזוי זאָל עס מיט יעדען פלוי געשעהען!

בראַנדער.

מיט געשפיטצטע פינגער, כאַפּט און דערשטיקט זיי!

אלטמייער.

עס לעבע די פרייהייט! עס לעבע דער וויין!

מעפיסטאָפעלעס.

איך וואָלט גערן געטרונקען אַ גלאָז לכבוד דער פרייהייט,
ווען אייער וויין וואָלט נאָר אַביסעל בעסער געווען.

זיעבעל.

בעסער איז איהר זאָלט דיעזע ווערטער ניט זאָגען נאָך אמאָל.

מעפיסטאָפעלעס.

איך האָב נאָר מורא דער ווירטה זאָל פאַראיבעל האבען,
ווען ניט וואָלט איך אָט די דאָזיגע גוטע געסט
געבען פון אונזער אייגענעם קעלער דעם בעסטען וויין.

זיעבעל.

גיט עס נאָר אהער! איך וועל אייך פערטהיידיגען!

פראָש.

גיט נאָר אַ גוט גלעזעל וויין וועלען מיר אייך לויבען.
גיט נאָר ניט קיין צו קליינע פראָבען!

דען, ווען איהר ווילט מיין אורטהייל,
דאַן מוז מיין מויל זיין פול מיט וויין.

אַלטמייער (שטיל).

עס שיינט זיי זיינען פון דעם רהיינלאַנד.

מעפיסטאָפעלעס.

גיט מיר נאָר אַן עקבויער!

בראַנדער.

וואס מיינט איהר דערמיט?
איהר האט דאָך גיט די פעסער ביי דער טהיר?

אַלטמייער.

דאָרט האט דער ווירטה אַ קאָרב מיט ווערקצייג.
מעפיסטאָפעלעס (נעהמט דעם עקבויער).

(צו פראָש:)

יעצט זאגט, וואס ווילט איהר טרינקען?

פראָש.

וואס מיינט איהר, האט איהר אַלערליי מינים?

מעפיסטאָפעלעס.

יעדער מעג אויסקלייבען וואס ער וויל.

אַלטמייער (צו פראָש).

אהאַ! דו הייבסט דיר שוין אָן צו לעקען די ליפּען.

זיעבעל.

אויב אזוי, דאַן וויל איך האבען רהיין־וויין.
דאס פאַטערלאַנד גיט אונז די בעסטע מתנות.

מעפיסטאָפעלעס.

(וועהרענד ער בויערט א לאָך אין טיש־עק וואו פראָש זיטצט.)

גיט מיר נאָר אהער אביסעל וואקס, די פּראָפּפען באלד צו מאכען.

אלטמייער.

וואס איז דאס פאר א מין שווארצע קונסט?

מעפיסטאָפעלעס (צו בראַנדער).

און וואס פערלאנגט איהר?

בראַנדער.

איך וויל שאמפּאניער ווייז
און ער מוז אויך זיין מן המובחר.

מעפיסטאָפעלעס.

(בויערט, וועהרענד איינער האט דערוויייל געמאכט די וואקס פּראָפּפען און פערשטאָפּט.)

בראַנדער.

מען קען ניט אימער די פרעמדע אויסמיידען.
דאס גוטע ליעגט אָפט ווייט פון אונז,
אָן עכטער דייטשער קען די פראַנצויזען ניט ליידען,
דאָך זייער וויין טרינקט ער גערן.

זיעבעל.

(וועהרענד מעפיסטאָפעלעס דערנעהנטערט זיך צו איהם.)

דער אמת איז, אז קיין זויערען ליעב איך ניט,
גיט מיר א גלאָז פון עכטען זיסען!

מעפיסטאָפעלעס (בויערט).

פון אייערט וועגען זאָל טאָקייער פליעסען.

אלטמייער.

ניין, מיין הערר, קוקט מיר נאָר גלייך אין פּנים,
איך האב פיינד, אז מען מאכט חוזק פון מיר.

מעפיסטאָפעלעס.

אָה, ניין! פון אזעלכע ערעלע געסט
האב איך פיינד חוזק צו מאכען,
געשווינד! נאָר שנעל ארויסגעזאגט:
וואס פאר א וויין ווילט איהר טרינקען?

אלטמייער.

סיי וועלכען! נאָר פרעגט ניט פיעל!
(נאכדעם ווי אלע לעכער זיינען געבויערט און פערשטאָפּט.)

מעפיסטאָפעלעס
(מיט אונגעוועהנליכע בענעהמונגען.)

טרויבען טראגט דער וויינשטאָק,
הערנער דער ציעגענבאָק!
דער וויין איז זאפטיג, האָלץ דערנעבען,
דער הילצערנער טיש קען אויך וויין געבען.
א טיעפער בליק אין די נאטור!
דאָ איז וואונדער, גלויבט נור!
יעצט שלעפּט ארויס די פּראָפּפען און טרינקט!

אללע.

(ווערענד זיי ציהען ארויס די פּראָפּפען, קריעגט יעדער דעם
פערלאנגטען וויין אין גלאָז.)

אָך, שעהנער ברונען, וועלכער פליעסט פאר אונז!
היט זיך נאָר איהר זאָלט מיר גאָר ניט פערגיסען!

(זיי טרינקען עטליכע מאָל.)

אללע (זינגען).

אונז איז מענשענפרעסעריש וואויל,
פונקט ווי פינף הונדערט חזירים!

מעפיסטאָפעלעס.

דאס פֿאָלק איז פריי, זעהט נאָר, ווי ער לאָזט זיך וואויל געהען!

פֿאוסט.

איך וואָלט וועלען אוועקפאהרען.

מעפיסטאָפעלעס.

גיב אכטונג, באלד וועט די בעסטיאַליטעט
זיך גאָר הערליך ארויסווייזען.

זיעבעל.

(טרינקט ניט פאָרזיכטיג, דער וויין פערגיסט זיך אויף דער ערד און עס ווערען פלאמען.)

העלפט! פייער! די העללע ברענט!

מעפיסטאָפעלעס (אָבשפּרעכענדיג די פלאמען).

זיי רוהיג, פריינדליכער עלעמענט!

(צו דער חברה.)

דאס מאָל איז עס בלויז געווען א טראָפּען גיהנום פייער.

זיעבעל.

וואס זאָל דען דאס זיין? איהר בעצאהלט עס טהייער!
עס שיינט, אז איהר קענט אונז ניט.

פראָש.

זאָל ער נאָר ווייזען אַזעלכע קונצען צום צווייטען מאָל.

אַלטמייער.

מיר דאכט מיר וועלען איהם גאָר הייסען מאכען פּיס.

זיעבעל.

וואס׳זשע, איהר ווילט זיך אונטערשטעהען
און דאָ אייער האָקוס־פּאָקוס טרייבען?

מעפיסטאָפעלעס.

שטיל, אַלטעס ווייַנפאַס!

זיעבעל.

בעזעמהענטעל!
ווילסט אונז גאָר נאָך גראָב בעליידיגען?

בראַנדער.

ווארט נאָר! עס וועלען נאָך פליהען קלעפּ!

אַלטמייער.

(ציהט א פּראָפּ פון טיש, פייער שפּריטצט איהם ענטקעגען.)

איך ברען! איך ברען!

זיעבעל.

כישוף! ׳דאס איז כישוף!
טויטעט איהם ווער עס וויל נאָר!
(ציהען ארויס די מעסערס און לאָזען זיך צו מעפיסטאָפעלעס.)

מעפיסטאָפעלעס.

(מיט ערנסטע מינעס.)

פאַלשעס בילד און וואָרט!
פערענדערן זינען און וואָרט!
זייט דאָ און דאָרט!
(שטעהען ערשטוינט און קוקען אָן איינער דעם צווייטען.)

אַלטמייער.

וואו בין איך? וואס פאר א שעהנעס לאַנד?

פראָש.

וויינבערגער? זעה איך ריכטיג?

זיעבעל.

און טרויבען גלייך צו דער האנד!

בראַנדער.

דאָ, אונטער די גרינע בלעטער,
זעהט וואס דאס זיינען פאר וויינטרויבען!

(כאַפּט אָן זיעבעל'ן ביי דער נאָז. די אַנדערע טהון דאסזעלבע און ציהען די מעסערס.)

מעפיסטאָפעלעס (ווי פריהער).

אירטהום! לאָז אָב פון די אויגען דעם באַנד!
און מערקט אייך ווי דער טייוועל שפּאַסט!

(ער פערשווינדעט מיט פאוסט, די חברה נעהמט זיך איינער צום צווייטען.)

זיעבעל.

וואס איז?

אַלטמייער.

ווי?

פראָש.

איז דאס געוועזן דיין נאָז?

בראַנדער (צו זיעבעל).

און דיינע האב איך אין דער האנד!

אַלטמייער.

דאס איז געוועזן א קלאַפּ, געגאַנגען דורך אַלע גליעדער!
ברענגט א שטוהל, איך פאַל באַלד אַניעדער!

פראַש.

ניין זאגט מיר נאַר, וואס איז געשעהען ?

זיעבעל.

וואו איז דער בחור ? ווען איך דערטאַפּ איהם,
זאָל ער מיר קיין לעבעדיגער ניט ארויס !

אלטמייער.

איך האב איהם אליין ביי דער קעללערטהיר
געזעהען רייטען אויף א פאַס —
מיר איז עס שווער ווי בליי אין די פיס.

(זיך ווענדענדיג צום טיש.)

אך, ווען דער וויין וואָלט נאָך געפלאָסען.

זיעבעל.

ליענען, שווינדעל און בעטרוג איז עס געווען !

פראַש.

מיר האט זיך דאָך געדאכט, אז איך האב געטרונקען וויין.

בראַנדער.

אבער ווי איז עס געווען מיט די טרויבען ?

אלטמייער.

איצט זאגט איהר אליין, זאָל מען קיין וואונדער גלויבען ?



# מכשפות־קיך.

(אויף א ניעדריגען פריפּעטשיק שטעהט א גרויסער קעסעל איבער א פייער. אין דער פּארע, וואס געהט ארויף אין דער הויך, זעהען זיך פערשיעדענע געשטאלטען. א ים־קאטץ זיטצט ביים קעסעל, שוימט איהם אָב, און גיט אכטונג ער זאָל ניט איבערגעהען. א ים־קאָטער מיט די קליינע קעטצלעך זיטצט דערביי און ווארעמט זיך. די ווענט און די סטעליע זיינען אויסגעהאנגען מיט די מערקווירדיגע מכשפות כלים.)

פאוסט, מעפיסטאָפעלעס.

**פאָוסט.**

מיך עקעלט די משוגענע צויבערייען;
ווילסטו מיר אפשר זאגען, אז איך וועל
געהאָלפען ווערען פון דיעזע מיאוסע שטיק?
זאָל איך פרעגען עצות ביי אן אלטעם ווייב?
און קען זי מיט דיעזע קעכערייען
מיר ארונטערנעהמען דרייסיג ווינטערס?
וועה איז מיר, ווען דו ווייסט ניט קיין בעסערעס!
מיר איז שוין די האָפנונג פערשוואונדען,
האט ניט די נאטור, אָדער עפּעס אן עדלער גייסט
א רפואה צו מיינע צרות אויסגעפונען?

**מעפיסטאָפעלעס.**

מיין פריינד, ענדליך רעדסטו וויעדער מיט שכל!

דיך יונג צו מאכען, איז אויך דא א נאטירליך מיטעל;
נאר דאס שטעהט אין אן אנדער בוך
און איז א וואונדערליכעס קאפיטעל.

פאוסט.

איך וויל עס וויסען.

מעפיסטאפעלעס.

גוט! א מיטעל אהן געלד,
אהן א דאקטאר, אהן כישוף קענען מיר האבען!
געה נאר ארויס אויפ'ן פעלד,
הייב אן צו האקען און צו גראבען,
האלט דיך נאר און דיינע חושים
אין אן אבגעצאמטען עיגול ארום,
ערנעהר דיך מיט אונגעקאכטע שפייזען,
לעב מיט בהמות אלס בהמה, און זאג ניט עס איז רויב,
דעם אקער, מיט וועלכען דו ארבייטסט, אליין צו מיסטיגען;
דאס גלויב מיר איז דאס בעסטע מיטעל
ווען דו ביסט אלט אכטציג יאהר יונג צו ווערען.

פאוסט.

דאס בין איך ניט געוועהנט, איך קען מיך ניט בעקוועמען,
דעם ריסקעל אין דער האנד צו נעהמען,
דאס פראסטע לעבען האט פאר מיר קיין רייץ.

מעפיסטאפעלעס.

אויב אזוי, מוזען מיר זיך ווענדען צו דער מכשפה.

פאוסט.

וואס טויג אט דאס אלטע ווייב?
קענסטו דען די משקה אליין ניט מאכען?

מעפיסטאָפעלעס.

דאס וואָלט געווען א שעהנער צייט־פערטרייב!
איך וואָלט דערוויל געקענט טויזענד בריקען בויען.
ניט בלויז קונסט און וויסענשאפט דארף מען דאָ,
נאָר אויך געדולד דארף מען האבען.
א שטילער גייסט איז יאהרענלאנג בעשעפטיגט;
די צייט מאכט בלויז דאס יעהרען שטארקער,
און אלעס וואס געהערט דערצו,
זיינען גאָר וואונדערבארע זאכען!
דער טייוועל האט עס זי אפילו געלערענט,
דאָך דער טייוועל אליין קען עס ניט מאכען.

(דערזעהענדיג די חיות.)

זעה נאָר וואס פאר א פיין פאארעל!
דאָרט איז די דיענסט און דאָ איז דער דיענער!

(צו די חיות.)

עס שיינט, אז די בעל־הבית'טע איז ניט צו הויז.

די חיות.

ביים אמוזירען,
ארויס פון הויז
זיינען זיי דורך'ן קוימען!

מעפיסטאָפעלעס.

ווי לאנג יאָגט זי זיך ארום?

די חיות.

ביז מיר ווארעמען זיך אָן די פיס.

מעפיסטאָפעלעס (צו פאוסט).

ווי געפעלען אייך די שעהנע חיה'לעך?

פאוסט.

אזוי מיאוס ווי איך האב נאך קיינמאל ניט געזעהען.

מעפיסטאפעלעס.

ניין, א געשפרעך ווי איך פיהר דא מיט זיי,
איז ביי מיר דאס שעהנסטע און בעסטע.

(צו די חיות.)

זאגט מיר נאר, איהר פערשאלטענע באנדע,
וואס מישט איהר דארט אין קעסעל ארום?

די חיות.

מיר קאכען דא שווערע בעטלער־זופען.

מעפיסטאפעלעס.

דערפאר האט איהר א היבש ביסעל בעלנים.

דער קאטער.

(קריכט צו און שמייכעלט מעפיסטאפעלעס'ן.)

ווארפט שנעל דעם ווירפעל
און מאכט מיך רייך,
און לאז מיך געווינען!
אזוי וועה איז צו מיר,
ווען איך זאל זיין ביי געלד
וואלט איך געוועזען ביים זינען.

מעפיסטאפעלעס.

ווי גליקליך וואלט זיך דער קאטער געשעטצט
ער זאל נאר קענען שפיעלען אויף דער לאטעריע!

(דערווייל האבען די יונגע ים־קעטצלעך אנגעהויבען צו שפיעלען מיט א קויל און קייקלען זי.)

דער קאָטער.

דאָס איז די וועלט,
הייבט זיך און פאלט
און קייקעלט זיך תמיד ;
זי קלינגט ווי א גלאָק ;
ווי גיך צוברעכט עס ?
איז הויהל אינוועניג.
דאָ גלאַנצט זי שטארק,
דאָרט נאָך מעהר.
איך בין לעבעדיג !
מיין ליעבער זוהן,
היט דיך דערפאר !
דו מוזט שטארבען !
זי איז פון ליים,
אָט זיינען שערבעלעך !

מעפיסטאָפעלעס.

וואָס טויג דיר די זופּ ?

דער קאָטער (נעהמט עס ארונטער).

ווען דו זאָלסט זיין א גנב,
וואָלט איך דיך באַלד דערקענט.

(ער לויפט צו דער קאטץ און לאָזט זי דורכקוקען.)

קוק דורך דער זופּ !
דערקענסטו א גנב ?
קענסטו איהם אָנרופען ?

מעפיסטאָפעלעס.

און דיעזער טאָפּ ?

קאָטער און קאַטץ.

דער נארישער יונג !

ער דערקענט ניט דעם טאָפּ,
ער דערקענט ניט דעם קעסעל.

מעפיסטאָפעלעס.

דו עזות'פּנים'דיגע חיה!

דער קאָטער.

נעהם נאָר אַוועק דעם עק
און זעטץ דיך אויפ'ןביינקעל.

(צווינגט מעפיסטאָפעלעס'ן צו זיטצען).

פאָוסט.

(וועלכער איז די גאַנצע צייט געשטאַנען פאַר אַ שפּיעגעל, האָט זיך דערנעהנטערט צו איהם און זיך אויך דערוויטערט).

וואָס זעה איך? וואָס פאַר אַ הימלישעם בילד
צייגט זיך אין דיעזען צויבער־שפּיעגעל?
אַך, ליעבע, גיב מיר דיינע שנעלע פליעגעל
און פיהר מיך אַוועק אַהין!
אַך! ווען איך בלייב ניט אויף דיעזען אָרט,
ווען איך וואַג נאָהענט צו צוגעהען,
קען איך זי בלויז זעהען ווי אין אַ נעבעל.
דאָס שעהנסטע בילד פון אַ פרוי!
איז דאָס מעגליך, איז זי טאַקי אַזוי שעהן?
איז דיעזעם ליעבענדע פרויענצימער
ווירקליך הימליש שעהן און גראַציעז?
געפינט זיך אַזעלכע אויף דער ערד?

מעפיסטאָפעלעס.

נאַטירליך, ווען אַ גאָט פּלאַגט זיך פריהער זעקס טעג
און דאַן זאָגט ער זיך אַליין „בראַוואָ!"
דאַן מוז עפּעס רעכטעס אַרויסקומען.
יעצט קוק דיך זאַט אָן;

ווער קען פאר דיר אזא אוצר אויסזוכען.
ווי גליקליך איז ווענען דאס שיקזאל האט בעשערט
אהיים צו נעהמען אין זיין הויז אזא ווייבעלע!

(פאוסט האלט אין איין קוקען אין שפיעגעל. מעפיסטאפע־
לעס, זיך אויסשטרעקענדיג אויפ'ן ביינקעל און זיך שפיעלענ־
דיג מיט זיין עק, רעדט ווייטער.)

דא זיטץ איך, ווי א קעניג אויף א טראהן,
דעם סצעפטער האלט איך, עס פעהלט מיר בלויז די קרוין.

### די חיות.

(וועלכע האבען ביז אהער געמאכט וואונדערליכע בעוועגונגען, ברענגען מעפיסטאפעלעס'ן א קרוין מיט א גרויסען געשריי.)

זיי דאך אזוי גוט,
מיט שווייס און מיט בלוט
די קרוין צו פערקלעפען!

(געהען ארום זעהר אונגעשיקט און צוברעכען די קרוין אין צוויי שטיקער, מיט וועלכע זיי טאנצען ארום.)

איצט איז עס געשעהען!
מיר ריידען און זעהען,
מיר הערען און ריידען.

### פאוסט (געגען שפיעגעל).

וועה מיר, איך ווער דא שיעור פעררוקט.

### מעפיסטאפעלעס (אנווייזענדיג אויף דער טהיר).

מיר אליין דרעהט זיך שוין אויך באלד דער קאפ.

### די חיות.

און ווען עס גליקט אונז,

וועץ עס פאסירט אונז,
אזוי זיינען עס געדאנקען!

פאוסט (ווי פריהער).

מיין ברוסט הייבט מיר אָן צו ברענען,
קום גיך אוועק פון דאנען!

מעפיסטאָפעלעס.

וועניגסטענס מוז מען מודה זיין,
אז זיי זיינען אויפריכטיגע פּאָעטען.

(דער קעסעל, וואס די קאַטץ האט ניט מעהר אכטונג געגעבען, הייבט אָן אויסצולויפען; עס ווערט א גרויסער פלאם, וועל־כער געהט ארויס דורך'ן קוימען. די מכשפה קומט ארונטער דורך'ן פלאם מיט א שרעקליכען געשריי.)

מכשפה.

או! או! או! או!
פערדאמטע חיה! פערפלוכטע חזיר'טע!
פערזאמט דעם קעסעל, פערסמאליעט די פרוי!
פערפלוכטע חיה!

(אָנקוקענדיג פאוסט'ן און מעפיסטאָפעלעס'ן.)

וואס איז דאס דאָ?
ווער זייט איהר עס?
וואס ווילט איהר דאָ?
ווער האט זיך אריינגעכאפּט?
א פייער זאָל אריין
אין אייערע ביינער!

(נעהמט מיט דעם שוימלעפעל אין קעסעל, שפּריצט מיט פלאמען אויף פאוסט, מעפיסטאָפעלעס און די חיות. די חיות שרייען.)

### מעפיסטאָפעלעס.

(וועלכער האט געהאלטען דעם עק אין דער האנד, קעהרט איהם אום און קלאפּט אין די גלעזער און טעפּ.)

צוריסען, צופליקט!
דאָ ליעגט דיין זופּ!
דאָ ליעגט דאס גלאָז!
עס איז נאָר שפּאַס,
דער טאקט, דו נבלה,
צו דיין מעלאָדיע!

(ווערענד די מכשפה פאר צאָרן טרעט צוריק.)

דערקענסטו מיך? סקעלעט, שטיק פּאסקודסטוואָ דו!
דערקענסטו ניט דיין בעל־הבית און דיין מייסטער?
וואס האלט מיך אָב, אזוי דערשלאג איך באלד
דיך צוזאמען מיט דיינע קאטצען־גייסטער!
דערקענסטו מעהר ניט מיין האָהן־פּעדער?
האב איך מאסקירט מיין פּנים?
זאָל איך מיך אפשר אליין אָנרופען?

### מכשפה.

אָך, הערר, פערצייהעט די מיאוס'ע בעגריסונג,
איך האב ניט געזעהען קיין צושפּאָלטענע קלויען.
וואו זיינען דען אייערע צוויי וואָראָנעס?

### מעפיסטאָפעלעס.

היינטיגעס מאָל, שענק איך דיר;
ווייל עס איז שוין טאקי א היבשע צייט
זינט מירביידע האבען זיך ניט געזעהען.
אויך די קולטור, וואס בעלעקט די גאנצע וועלט,
האט זיך אויפ'ן טייוועל אויסגעשטרעקט.
דאס נאָרדישע פאנטאָם קען מען שוין ניט זעהען,

עס איז אוועק צוזאמען מיט די הערנער, קלויען און עק.
וואס איז נוגע דעם פוס, אָהן וועלכען איך קען ניט זיין,
דער וועט מיר גאָר ביי לייטען שאדען.
דערפאר בעדיען אויך מיך, ווי מאַנכער יונגערמאַן,
מיט פאַלשע, אויסגעשטאָפּטע פאַלקעס.

מכשפה (טאַנצענדיג).

חוש און שכל פערליער איך שיעור,
זעהענדיג דאָ דעם פיינעם בחור שטן!

מעפיסטאָפעלעס.

פרוי: איך פערביט דיר מיך צו רופען ביי דעם נאמען!

מכשפה.

פאר וואס? וואס האט ער אייך געטהאָן?

מעפיסטאָפעלעס.

ער איז שוין לאנג אין פאבעל־בוך איינגעשריעבען;
די מענשען, פון דעסטוועגען, זיינען ניט בעסער.
פון שטן זיינען זיי לויז געוואָרען, ביים שלעכטען אבער געבליעבען.
רופ מיך בעסער הערר באראָן, אזוי זאָל עס זיין.
איך בין א קאוואליער, אזוי ווי אנדערע קאוואליערען.
דו צווייפעלסט ניט אין מיין עדעל בלוט.
קוק אהער, אָט דאס איז דאס וואפען וואס איך טראג.

(ער מאכט אן אונאנשטענדיגע בענעהמונג.)

מכשפה (לאכט אויסגעלאסען).

הא! הא! דאס איז אייער טבע,
דערזעלבער חברה־מאן ווי אלע מאָל!

מעפיסטאָפעלעס (צו פאוסט).

דאס דארף מען לערנען און פערשטעהען
ווי מיט די מכשפות אומצוגעהען.

מכשפה.

יעצט, מיינע הערדען, זאגט וואס איהר ווילט?

מעפיסטאָפעלעס.

א גלאָז פון דעם בעקאנטען זאפט!
דאָך מוז איך אייך אום דאס עלטסטע בעטען,
ווייל די יאהרען פערדאָפעלען די קראפט.

מכשפה.

מיט פערגניגען, דאָ האב איך א פלאש,
פון וועלכער איך נאש אליין צו מאָל,
און זי שטינקט שוין גאָר ניט מעהר.
איך וועל אייך א גלעזעלע דערלאנגען.

(אָן א זייט.)

דאָך ווען דיעזער מאן זאָל דאס טרינקען ניט פאָרבערייטעט,
קען ער קיין שטונדע ניט מעהר לעבען.

מעפיסטאָפעלעס.

עס איז מיין גוטער פריינד, וועמען עס דארף וואויל בעקומען;
איך פערגין איהם גערן דאס בעסטע פון דיין קיך.
מאך דיין עיגול, זאג אָב דיינע שפרוכען
און גיב איהם א פוללע טאססע.

מכשפה.

(מיט מערקווירדיגער בענעהמונג, מאכט אָן עיגול און שטעלט אריין וואונדערבארע זאכען; דערווייל הייבען אָן די גלעזער צו קלינגען, די קעסלען צו קלאפען און מאכען מוזיק. צום לעצט ברענגט זי א גרויסעס

בוך, שטעלט די ים־קעטץ אין עיגול, וועלכע דיענען איהר אלס שרייב־טיש און האלטען איהר ליכט. זי ווינקט פאוסט'ן צו איהר צו צוקומען.)

פאוסט (צו מעפיסטאפעלעס).

זאג מיר נאר, וואס וועט דערפון ווערען ?
וואס בעדייטען די משוגענע, ווילדע תנועות ?
די אלטע פוילע שטיק זיינען מיר בעקאנט
און פערהאסט פון אלטע, אלטע צייטען.

מעפיסטאפעלעס.

פוסטע זאכען ! כדי מען זאל קענען לאכען !
זיי נאר ניט אזא שטרענגער מענש !
אלס ארצט מוז זי האקוס־פאקוס מאכען,
כדי דער זאפט זאל דיר וואויל בעקומען.

(ער צווינגט פאוסט'ן אין עיגול אריין צו געהען.)

מכשפה.

(מיט גרויסען ערנסט פאנגט זי אן צו דעקלאמירען פון בוך.)

דו מוזט פערשטעהען,
פון איינס מאך צעהן,
און צוויי לאז געהען
און דריי מאך גלייך,
דאן ביסטו רייך ;
פערליר די פיער !
פון פינף און זעקס,
אזוי זאגט די העקס,
זינק זיעבען און אכט,
דאן איז עס פאלבראכט !
און ניין איז איינס,
און צעהן איז קיינס.
דאס איז דאס מכשפה איינמאל־איינס !

פאוסט.

מיר שיינט, אז די אַלטע רעדט פון היטץ.

מעפיסטאָפעלעס.

עס איז נאָך גאָר ניט פאַרטיג,
איך קען עס גוט, אזוי קלינגט דאס גאַנצע בוך;
איך האב מאַנכע צייט דערמיט פערלאָרען,
ווייל א פאָלקאָמענער ווידערשפרוך
בלייבט גלייך א סוד פאר קלוגע און נאַרען.
מיין פריינד, די קונסט איז אַלט און ניי.
אזוי איז עס געווען אין אַלע צייטען,
דורך דריי און איינס און איינס און דריי
טעות אנשטאַט וואהרהייט צו פערברייטען.
אזוי שוואַטצט מען און מען לערענט אונגעשטערט;
ווער וויל זיך מיט שוטים אָבגעבען?
געוועהנליך גלויבט דער מענש, ווען ער הערט בלויז ווערטער
און טראַכט זיך זיי מוזען עפּעס א בעדייטונג האבען.

מכשפה (געהט פאָרווערטס).

די הויכע קראַפט
פון וויסענשאַפט,
דער גאַנצער וועלט פערבאָרגען!
און נאָר ניט דענקט,
דעם ווערט זי געשענקט,
ער האט זי אָהן זאָרגען.

פאַוסט.

וואס דערצעהלט זי אונז פאר א שטות?
עס פערדרעהט מיר באַלד מיין קאָפּ,
מיר דאַכט, אז איך הער א גאַנצען כאָר
פון הונדערט טויזענד שוטים פלוידערן.

מעפיסטאָפעלעס.

גענוג, גענוג, טהייערע נביאה׳טע!
גיב נאָר אהער דיין משקה און פילל אָן
די שאָל שנעל ביז צום ראנד;
ווייל מיין פריינד וועט די משקה ניט שאדען;
ער איז א מענש פון פיעלע גראדען,
און ווי צו טרינקען פערשטעהט ער.

מכשפה.

(מיט פיעלע צערעמאָניען גיסט זי אריין די משקה אין דער שאָל; ווי פאוסט נעהמט זי צום מויל, זעהט זיך א קליינער פלאם.)

מעפיסטאָפעלעס.

שלינג עס ארונטער! ווארט ניט!
עס וועט דיר באַלד דאס הארץ דערפרייען.
ביסט מיט׳ן טייוועל איין גוטער ברודער
און האסט גאָר מורא פאר פייער?

(די מכשפה צוברעכט דעם עיגול. פאוסט געהט ארויס.)

מעפיסטאָפעלעס.

יעצט לאָמיר געהען! ניט בלייבען קיין סעקונדע!

מכשפה.

זאָל אייך די משקה וואויל בעקומען!

מעפיסטאָפעלעס (צו דער מכשפה).

אויב דו ווילסט פון מיר א טובה
זאָלסטו מיר אויף וואַלפּורגיס זאגען.

מכשפה.

דאָ האט איהר אַ ליעד, אויב איהר וועט עס אמאָל זינגען,
וועט איהר דערנאָך אַ מערקווירדיגע ווירקונג פיהלען.

מעפיסטאָפעלעס (צו פאוסט).

קום נאָר גיכער און לאָז דיך פיהרען!
דו מוזט אונבעדינגט שוויטצען
כדי די קראַפט זאָל דורך אינוועניג און אויסוועניג דרינגען.
דערנאָך וועל איך דיך לערנען לעדיג ארומגעהען
און באַלד וועסט פיהלען מיט אַ זעלטענער פרייד
ווי קופיד בעוועגט זיך און שפּרינגט הין־און־צוריק.

פאוסט.

לאָמיך נאָר גיכער אין שפּיעגעל קוקען!
דאס פרויענבילד איז געווען זעהר שעהן!

מעפיסטאָפעלעס.

ניין! ניין! דו זאָלסט דעם מוסטער פון אַלע פרויען
באַלד אין לעבעדיגען לייב פאר דיר זעהען.

(אין אַ זייט.)

מיט דיעזער משקה אין דיין לייב זאָלסטו זעהען
באַלד אַ העלענע אין יעדען פרויענצימער.



# גאַס.

(פאוסט. מארגארעטע געהט פארביי.)

פאוסט.

מיין שעהנעס פרייליין, מעג איך סמייען
איך מיין ארם אין בעגלייטונג אַנצוטראגען?

מארגארעטע.

איך בין ניט קיין פרייליין, בין ניט שעהן
און קען אָהן בעגלייטונג אהיים טרעפען.

(בעפרייעט זיך פון איהם און אב.)

פאוסט.

ביי גאָט! דאס איז א שעהן מיידעל!
אזעלכע האב איך נאָך ניט געזעהען.
זי איז רייך אין זיטטען און צניעות
און דערביי איז זי אויך אזוי חן'עווריג.
איהרע ליפען רויט, איהרע באקען ליכטיג,
דאס וועל איך קיינמאָל ניט פערגעסען.
ווי זי לאָזט ארונטער די אויגען,
דאס האט זיך טיעף אין מיין הארץ איינגעגראָבען!
ווי קורץ און שארף איהר ענטפער איז געווען,
אַז זי האט מיך איינפאך ענטציקט!

מעפיסטאָפעלעס (ערשיינט).

פאוסט.

הער נאַר, דו מוזט מיר ברענגען דאס מיידעל!

מעפיסטאָפעלעס.

וועלכע?

פאוסט.

זי איז נאַר וואס פארבייגעגאנגען.

מעפיסטאָפעלעס.

יענע דאָרט? זי קומט פון איהר גלח,
ער האט זי בעפרייעט פון אַלע חטאים;
איך בין געשטאַנען נעבען ווידוי־שטוהל.
זי איז גאָר אַן אונשולדיגע זאַך,
ווייל זי האט כמעט גאָר ניט געהאט וואס מודה צו זיין;
איבער אַזעלכע האב איך ניט קיין שליטה.

פאוסט.

זי איז דאָך אבער שוין עלטער ווי פערצעהן יאהר.

מעפיסטאָפעלעס.

רעדסט דאָך גאָר עפּעס ווי א וואוילער יונג,
וואס וויל יעדע בלום בלויז פאר זיך אַליין
און רעכענט, אַז קיין דין, קיין אמת
איז זיכער געגנוג געגען זיינע פיהרונגען!
אבער דאס קען ניט אימער אזוי צוגעהן.

פאוסט.

ווי געפעלט דיר דער מוסר־זאגער?
לאָז מיך צורוה מיט'ן געזעטץ!
און דאס זאג איך דיר קורץ און שארף,
ווען דו ברענגסט מיר ניט דאס יונגע בלוט

היינטיגע נאכט אין מיינע ארעמס,
דאן שיידען מיר זיך אום האלבע נאכט.

מעפיסטאפעלעס.

געדענקט וואס דא קען נאך ווערען!
איך בעדארף וועניגסטענס פערצעהן טעג
אום צו געפינען א פאסענדע געלעגענהייט.

פאוסט.

ווען איך וואלט נאר געהאט זיעבען שטונדען רוה,
וואלט איך דעם טייוועל אין גאנצען ניט בענעטהיגט,
און איך וואלט געקענט אזא מיידעלע אליין פערפיהרען.

מעפיסטאפעלעס.

איהר רעדט שוין באלד ווי א פראנצויז;
אבער איך בעט אייך, האט קיין פאראיבעל ניט,
וואס איילט איהר זיך אזוי צו דער תאוה?
די שמחה איז האלב ניט אזוי גרויס
ווי ווען איהר דארפט ארויף, ארום
דורך אלערליי נארישקייטען קריכען;
די ליאלקע קענסטו דאן קנעטען און אויסארבייטען
ווי אן איטאליענישע געשיכטע דערצעהלט.

פאוסט.

איך האב אפעטיט אויך אהן דעם.

מעפיסטאפעלעס.

יעצט אהן זידלעריי און אהן קאטאוועס,
איך זאג אייך, אז מיט דעם שעהנעם מיידעל
וועט עס גאר ניט געהען אזוי געשווינד.
מיט שטורם קען מען דא גאר ניט איינגעהמען;
מיר מוזען זיך ווענדען צום כיטראסט.

פאוסט.

גיב מיר עפּעס פון דער ענגעל־שאַטץ!
פיהר מיך אריין צו איהר רוה־פּלאַטץ.
גיב מיר א האלזטוך פון איהר ברוסט,
כאָטש א זאָקענבענדעל צו שטילען מיין לוסט.

מעפיסטאָפעלעס.

כדי איהר זאָלט זעהען, אז איך פיהל אייער וועהטאָג
און וויל טהון פאר אייך אלעס מעגליכע,
וועלען מיר ניט פערלירען קיין אויגענבליק
און איך וועל אייך אין איהר צימער פיהרען.

פאוסט.

און איך זאָל זי זעהען! זי האבען!

מעפיסטאָפעלעס.

ניין!
זי וועט זיין ביי א שכנה,
דערווייל קענט איהר גאַנץ אליין
מיט אלע האָפנונגען קינפטיגער פריידען
זיך אָנזעטיגען קוקענדיג אויף איהר.

פאוסט.

קענען מיר שוין געהען?

מעפיסטאָפעלעס.

עס איז נאָך צו פריה.

פאוסט.

בעזאָרג מיר עפּעס א פּרעזענט פאר איהר.

## מעפיסטאָפעלעס.

שוין טאקי? דאס איז שעהן! איהר מוזט האבען ערפאָלג!
איך קען מאנכען שעהנעם אָרט,
און מאנכע אַלט־פערגראָבענע אוצרות;
איך וועל זיי מוזען אביסעל איבערקוקען.



# אבענד.

א קליינעס ריינעס צימער.

מאַרגאַרעטע.
(זיך פֿלעכטענדיג די צעפּ און פֿערבינדענדיג די האאר.)

איך וואָלט עפּעס געבען דערפאר צו וויסען
ווער דער הערר איז געוועזן!
ער האט אויסגעזעהען זעהר גאַלאַנט,
און שיינט צו קומען פֿון א פֿיינעס הויז;
דאס האב איך געקענט לעזען אויף זיין שטערען —
זאָנסט וואָלט ער ניט געוועזן אזוי שטאָלץ.

(אב.)

מעפיסטאָפעלעס, פֿאוסט.

מעפיסטאָפעלעס.

קום אריין, אבער גאַנץ לאַנגזאַם, שטילל!

פֿאוסט (נאָך א פּויזע).

איך בעט דיך, לאָז מיך אליין.

מעפיסטאָפעלעס (קוקט זיך ארום).

ניט יעדעס מיידעל האלט אזוי זויבער.

(אב.)

פאוסט (קוקט זיך ארום).

ווילקאָמען זיסעם אבענדליכט,
וואס שוועבט אין דיעזען קדשי קדשים!
כאפּ אָן מיין הארץ, דו זיסער ליעבעס־פּיין!
וועלכער לעבט פערשמאכט פון האָפנונגס טהוי.
ארום אטהעמט געפיהל פון שטילקייט,
געפיהל פון אָרדנונג, פון צופריעדענהייט!
אין דיעזען דלות, וואס פאר א רייכטהום!
אין דיעזען קערקער, וואס פאר א גליק!

(ער ווארפט זיך אריין אין לעדערנעם שטוהל ביים בעט.)

אך, נעהם מיך אויף, דו, וועלכער האט שוין
די פריהעריגע דורות אין פרייד און שמערץ עמפּפאנגען!
אך, ווי אָפט שוין האט ביי דיעזען פאטער־טראָהן
א מהנה קינדערלעך ארום זיך געהאלטען.
אפשר האט ער, דאנקבאר פאר'ן הייליגען קריסט
מיין געליעבטע דאָ מיט פוללע קינדערבאקען
איהר זיידען דאָ געקושט די אַלטע האנד.
איך פיהל, מיידעל, דיין גייסט
פילט אָן דיעזעס צימער מיט אָרדנונג און גראציע,
וועלכער, ווי אַ מוטער וויזט ער דיר
די דעק און דעם טיש ריין צו האלטען,
זאָגאר שיטען טרוקענעם זאמד אונטער דיינע פיס.
אך, ליעבע האנד! אזוי גלייך צו געטטער!
דאס שטיבעלע ווערט דורך דיר א גן־עדן,
און דאָ —

(ער הייבט אויף דעם בעט־פאָרהאנג.)

וואס איז דאס פאר א מערקווירדיגעס פערגניגען?
גאנצע שטונדען וואָלט איך דאָ געקענט פערזאמען.
נאטור, דאָ בילדעסטו אין לייכטע חלומות
דעם קליינעם מלאך אוים;
דאָ איז געלעגען דאס קינד, מיט ווארעמען לעבען

דעם צאַרטען בוזים אָנגעפּיללט,
און דאָ מיט היילִיגען רײנעם וועבען
וואַקסט ארויס דער צלם אלהים!
און דו? וואָס האָט דיך אהער געפיהרט?
ווי טיעף פיהל איך מיך גערירהרט!
וואָס ווילסטו דאָ? וואָס ווערט דאָס הארץ דיר שווער?
אָרעמער פאוסט! איך קען דיך ניט מעהר!
רינגעלט מיך דאָ ארום עפּעס א כישוף?
מיך האָט עס געטריבען גראָדע צו געניסען,
און איך פיהל מיך אין ליעבעס טרוים צושמעלצען!
זיינען מיר א שפּיעל פון יעדען ביסעל תאוה?
און ווען זי זאָל יעצט אריינקומען,
ווי וועסטו פאַר דיין תאוה חרטה האָבען!
דער גרויסער ווערט באַלד אזוי קליין
און ליעגט געזונקען צו איהרע פים!

### מעפיסטאָפעלעס.

ניך! איך זעה זי קומען פון ווייטען.

### פאוסט.

אוועק! אוועק! איך קום מעהר ניט צוריק!

### מעפיסטאָפעלעס.

דאָ האָסטו א קעסטעלע, אָנגעפּיקעוועט,
איך האָב עס ערגיץ אנדערש צוגענומען.
שטעל עס נאָר דאָ גלייך אוועק,
עס וועט איהר דעם קאָפּ פערדרעהען.
קלייניגקייטען האָב איך דאָרט אריינגעלעגט,
אום אן אנדערע צו געווינען,
אָבער מיידעל איז מיידעל און שפּיעל איז שפּיעל.

### פאוסט.

איך ווייס ניט — זאָל איך?

## מעפיסטאָפאָלעס.

וואָס נאָך פרעגט איהר ?
מיינט איהר אפשר דעם אוצר צו בעהאַלטען ?
דאַן ראַטה איך אייך פיעל בעסער
איהר זאָלט אייער שעהנע צייט פון טאָג,
און מיר אויך ווייטערע מיה ערשפּאָרען.
איך האָף, אַז איהר זייט ניט אזוי גייציג !
איך קרייץ דעם קאָפּ, רייב די הענד !
(שטעלט אריין דאָס קעסטעל אין שראַנק און פערשליעסט.)
אָבער יעצט, געשווינד !
כדי איהר זאָלט דאָס זיסע יונגע מיידעל
האָבען נאָך אייער וואונש און ווילען ;
און איהר זעהט אויס,
גלייך ווי איהר ווילט אין פּאָרטראַגס־זאַלאָן אריין,
פּונקט ווי עס וואָלטען פאַר אייך געשטאַנען
פיזיק און מעטהאַפיזיק !
שנעל, אַוועק !

(אב.)

## מאַרגאַרעטע (מיט א לאָמפּ).

עס איז אזוי הייס, אזוי שטיקענד —

(זי מאַכט אויף דאָס פענסטער.)

אין דרויסען איז דאָך ניט אזוי וואַרעם.
עס ווערט מיר עפּעס אזוי, איך וויים ניט ווי —
איך וויל בעסער, אז די מאַמע זאָל אהיים קומען.
מיר לויפט א שוידער איבער'ן לייב —
און דאָך בין איך בלויז א נאַר.

(זי הויבט אָן צו זינגען, וועהרענד זי טהוט זיך אויס.)

עס איז געווען א קעניג אין טהולע
גאָר אזוי געטריי ביז אין קבר,

שטארבענדיג האט זיין פלגש
איהם א בעכער געגעבען.

קיין זאך געוועזן ביי איהם אזוי טהייער,
אויסגעלעדיגט האט ער עס ביי יעדער סעודה,
די אויגען זיינען איהם איבערגעגאנגען,
ווי אפט ער האט דערפון געטרונקען.

און ווען ער האט בעדארפט שטארבען
צעהלט ער זיינע שטעדט און מדינות,
גיט איבער אלעס זיינע יורשים
בלויז דעם בעכער ניט.

ער איז געזעסען ביים קעניג׳ם טיש,
די ריטער אויך ארום איהם,
אין יענעם הויכען עלטערן זאאל
דארט אין שלאס ביים ים.

דארט שטעהט דער אלטער ליז,
געטרונקען לעצטע לעבענסגלוטה,
און געווארפען דעם הייליגען בעכער
ארונטער אין די כוואליעס.

געזעהען האט ער איהם פאלען, טרינקען,
און זינקען טיעף אין ים.
איהם זיינען די אויגען געזונקען,
געטרונקען האט ער ניט מעהר.

(עפענט דעם שראנק ארייגצולעגען די קליידער און
דערזעהט דאס קעסטעלע מיט׳ן ציערונג.)

ווי קומט דאס שעהנע קעסטעלע אהער?
איך האב דאך געוויס פערשלאסען דעם שראנק.
עס איז דאך וואונדערבאר! וואס קען אין דעם זיין?

אפשר האט דאס עמיצער געבראכט אלס משכון,
און מיין מוטער האט דארויף עפעס געליהען.
דאָ הייגגט אויך אַ שליעסעלע אויף אַ באַנד;
איך רעכען, אז איך זאָל עס אויפמאַכען!
וואס איז דאס? גאָט אין הימעל,
אזעלכעס האב איך נאָך קיינמאָל ניט געזעהען!
א ציערונג, מיט דעם וואָלט געקענט אַן עדעלע פרוי
צום גרעסטען יום־טוב געהען אָנגעטהאָן.
ווי וועט מיר די קייט פּאַסען?
וועמען קען דאס פרעכטיגקייט געהערען?

(זי פוצט זיך אויס דערמיט און געהט צו צום שפּיעגעל.)

ווען די אוירינגלעך זאָלען כאָטש מיינע זיין!
מען זעהט דאָך גאָר גאַנץ אַנדערש אויס.
וואס העלפט אייך שעהנקייט, יונגע מיידלעך?
דאס קען שוין זיין גאַנץ פיין און גוט,
אבער אויף דעם אליין פערלאָזט מען זיך ניט;
ווען מען לויבט אייך, זעהט עס אויס פאר רחמנות.
נאָך גאָלד לויפט מען,
ארום גאָלד הייגגט
דאָך אלעס! אַך, מיר ארעמע!



# שפאציערגאנג.

(פאוסט, פערטיעפט אין געדאנקען, געהט הין און צוריק.
מעפיסטאפעלעס.)

מעפיסטאפעלעס.

ביי דער צוריקגעוויזענער ליעבע! ביים העללישען עלעמענט!
הלואי וואלט איך געוואוסט עפעס ערגערעס, צו קענען פלוכען
דערביי.

פאוסט.

וואס איז דיר? וואס קנייפט דיך אזוי שטארק?
אזא מין צורה האב איך נאך אין מיין לעבען ניט געזעהען.

מעפיסטאפעלעס.

איך וואלט מיך גלייך דעם טייוועל איבערגעגעבען,
ווען איך אליין וואלט דער טייוועל ניט געוועזן.

פאוסט.

האט זיך ביי דיר עפעס אין קאפ איבערגעקעהרט?
דיר פאסט עס אפילו ווי א משוגענער צו וויטהען!

מעפיסטאפעלעס.

פונקט נאר, די ציערונג, פאר מארגארעטא'ן געשאפט,
האט גאר א גלח אוועקגעלאטכעט!
ווי די מוטער האט עס נאר דערזעהען,
האט זי שוין אנגעהויבען צו ציטערן:
די פרוי האט א גוטען חוש־הריח,
זי לייענט תמיד אין די תחינות,
בעשמעקט איבער יעדעס פיצעלע

אויב דאס איז הייליג אָדער טמא.
אין ציערונג, האט זי עס דערפיהלט,
אַז אין דעם איז קיין ברכה ניטאָ.
„מיין קינד," האט זי געזאגט, „אונגערעכטעס גוטס
פערשפּאַרט די נשמה און זויגט אויס דאס בלוט.
לאָמיר עס בעסער גאָט'ס מאמע אוועקגעבען,
זי וועט אונז דערפאר מיט מן שפּייזען."
מארגארעטא האט אפילו געמאכט א קרומע מינע,
דאכט זיך א געשיינקטען פערד קוקט מען ניט אין די ציינער,
און געוויס איז יענער ניט קיין זינדער,
וואס האט דאס אהין געבראכט.
אבער די מוטער האט געלאָזט רופען א גלח
און אזוי גיך ווי ער האט דאס דערהערט,
האט ער זיך עס געהייסען ווייזען,
און געזאגט : „דאס איז גאַנץ פיין
ניט צו קומען צו קיין נסיונות.
די קירכע האט א גוטען מאָגען,
האט גאַנצע לענדער אויפגעפרעסען,
און דאָך קיינמאָל זיך איבערגעגעסען ;
די קירכע אליין, מיינע ליעבע פרויען,
קען אונגערעכטעס גוטס פערדייען."

פאַוסט.

דאס איז אַן אלגעמיינער מנהג,
דאס קען אויך דער איד און קעניג.

מעפיסטאָפעלעס.

גענומען האט ער די שפּאַנגע, קייט און רינג
גלייך ווי דאס וואָלט געווען שוועמלעך,
ניט געדאנקט אפילו האט ער דערפאר,
פּונקט ווי עס וואָלט געווען א קאָרב מיט ניס,
ער האט זיי פערשפּראָכען א הימלישע בעלוינונג,
און זיי האבען גאר אָנגעקוואָלען דערפון.

פאוסט.

און מארגארעטא?

מעפיסטאפעלעס.

זיטצט איצט אונרוהיג,
וויים ניט וואס זי זאל טהון,
זי דענקט פון ציערונג טאג און נאכט
און נאך מעהר, ווער עס האט עס געבראכט.

פאוסט.

דעם מיידעל'ס שמערץ טהוט מיר לייד,
פערשאף מיר עפעס א נייע ציערונג!
דאס ערשטע, דאכט מיר, איז ניט געוועזן פיעל.

מעפיסטאפעלעס.

אה, אה, ביי אייך איז אלעס א קינדערשפיעל.

פאוסט.

און מאך און טהו אלעס ווי איך וויל!
נעהם, פערדרעה דארט איהר שכנה.
זיי א טייוועל, ניט קיין וואסער מיט מילך,
און שאף מיר דערווייל דאס ציערונג!

מעפיסטאפעלעס.

יא, מיין הערר, מיט'ן גאנצען הארצען.

(פאוסט אב.)

אזא פערליעבטער נאר קען די זונן,
לבנה און אלע שטערען פערברענען
צום צייט־פערטרייב בלויז פון זיין געליעבטע.

(אב.)

# דער שכנה'ס הויז.

מארטהא (אליין).

גאָט, פערצייהע מיין ליעבען מאַן,
ער האט געגען מיר ניט גוט געהאנדעלט.
ער איז זיך אוועק גלייך אין דער וועלט אריין
און געלאָזט האט ער מיך דאָ אליין.
גאָט ווייסט דעם אמת, אז איך האב איהם ניט געערגערט
און איהם דערצו באמת אויך געליעבט.

(זי וויינט.)

פיעללייכט איז ער גאָר טויט, וועה איז מיר!
וואָלט איך כאָטש געהאט דעם טויטענשיין.

(מארגארעטע ערשיינט.)

מארגארעטע.

פרוי מארטהע!

מארטהע.

מארגארעטע, וואס איז נייעס?

מארגארעטע.

שטעלט זיך נאָר פאָר!
מיינע קניעס זינקען באלד אניעדער!

איך האב שוין ווידער געפונען אזא קעסטעלע
פון עבענהאָלץ אין מיין שראנק,
און זאכען, אזוי שעהן און פרעכטיג,
נאָך רייכער ווי די ערשטע זיינען געוועזען.

מארטהע.

דאס דארפסטו ניט דער מוטער דערצעהלען,
ווייל זי וועט עס ווידער צום גלח אוועקטראגען.

מארגארעטע.

זעה, קוק זיי נאָר אָן!

מארטהע.

(זי אויספוצענדיג.)

אָך, דו גליקליכע וואס דו ביסט!

מארגארעטע.

איך דארף מיך ליידער ניט אויף דער גאס
און אויך ניט אין קירכע זעהען לאָזען.

מארטהע.

קום נאָר אָפט צו מיר אריבער
און טהו דיר די ציערונג אָן;
שפאציער א שטונדע פאר דעם שפיעגעל
און אין דעם זאָלסטו האבען פרייד.
דאן אמאָל, ביי עפעס א יום־טוב,
הייבט מען עס אָן, לאנגזאם צו ווייזען.
פריהער א קייטעלע, דאן די פערלען אין אויער,
די מאמע איז ניט צופריעדען, טראכט מען עפעס אוים.

מארגארעטע.

ווער האט געקענט ביידע קעסטעלעך ברענגען?
די געשיכטע איז עפעס גאָר ניט גלאַט.

(עס קלאפט.)

אך גאָט ! איז עס אפשר מיין מוטער ?

מאַרטהע (בליקענדיג דורך'ן פאָרהאנג).

עס איז א פרעמדער מאַן — אריין !

(מעפיסטאָפעלעס ערשיינט.)

מעפיסטאָפעלעס.

איך מוז אייך אום פערצייהען בעטען
וואס איך האב מיר גענומען די פרייהייט.

(טרעט צוריק עהרפורכטיג פאר מארגארעטען.)

איך האב געוואָלט פרעגען נאָך פרוי מארטהע שווערטליין.

מאַרטהע.

איך בין עס. וואס האט דער הערר צו זאגען ?

מעפיסטאָפעלעס (אן א זייט צו איהר).

איך קען אייך שוין, דאס איז גענוג ;
אבער איהר האט פאָרנעהמען בעזוך.
פערצייהעט וואס איך האב מיר גענומען די פרייהייט,
איך וועל נאָך מיטאג ווידער קומען.

מאַרטהע (הויך).

דענק דיר נאָר קינד, אזא מין געשיכטע,
ער רעכענט דיך פאר אן אדעליגע דאמע.

מארגאַרעטע.

איך בין אן אָרעם, יונגעס מיידעל ;
אך גאָט, דער הערר איז צו גוט.
די ציערונג וואס איך טראג איז ניט מיין.

מעפיסטאָפעלעס.

אך, עס איז ניט די ציערונג אליין;
זי האט א פיגור, א שארפען בליק.
עס פרייט מיך וואס איך קען בלייבען.

מארטהע.

וואס ברענגט אייך אהער, מיין הערר?

מעפיסטאָפעלעס.

אך, הלואי וואָלט איך געהאט א בעסערע בשורה,
איך האָף איהר וועט אויף מיר ניט בייז זיין,
אייער מאן איז טויט און לאָזט אייך גריסען.

מארטהע.

טויט? די געטרייע נשמה טויט? אָ וועה!
מיין מאן איז טויט! אך, איך שטארב!

מארגארעטע.

ליעבע פרוי, איך בעט אייך, פערצווייפעלט ניט.

מעפיסטאָפעלעס.

הערט דאָך פריהער די געשיכטע!

מארגארעטע.

אָט דערפאר וואָלט איך מיך ניט וועלען פערלאָבען,
וויל אזא פאסירונג וואָלט איך ניט איבערגעלעבט.

מעפיסטאָפעלעס.

פרייד מוז האבען לייד, לייד מוז האבען פרייד.

מארטהע.

דערצעהלט מיר אבער זיין לעבען'ס סוף.

מעפיסטאָפעלעס.

ער ליעגט אין פאדוא בעגראבען
ביים הייליגען אנטאָניוס,
אין א גאנץ פיינעם פלאטץ
האט ער זיין אייביגעם קיהלעם בעט.

מארטהע.

האט איהר מיר ניט עפּעס איבערצוגעבען ?

מעפיסטאָפעלעס.

יא, איין בקשה, גרויס און שווער ;
איהר זאָלט לאָזען פאר איהם דריי
הונדערט תפילות אין קלויסטער זאגען !
חוץ דעם, זיינען מיינע קעשענעס לעדיג.

מארטהע.

וואס ? קיין ליעבעס־צייכען ? קיין ציערונג ?
וואס יעדער ארבייטער טראגט אין זיין פעקיל,
צום אנדענקען בעהאלטען !

מעפיסטאָפעלעס.

מאדאם, עס טהוט מיר הערצליך לייד ;
אבער ער האט זיין געלד ניט אויסגעבראכט,
אויך ער האט חרטה געהאט אויף זיינע פעהלער
און שטארק בעוויינט זיין אונגליק.

מארגארעטע.

אך, אז די מענשען זיינען אזוי אונגליקליך !
איך וועל פאר איהם אין קירכע בעטען.

מעפיסטאָפעלעס.

איהר זייט ווערטה באלד חתונה צו האבען.
איהר זייט א ליעבענסווירדינעם מיידעל.

מארגארעטע.

אך ניין! די צייט איז נאָך ניט געקומען.

מעפיסטאָפעלעס.

ווען ניט א מאן, דאן אזוי א געליעבטער.
עס איז א גרויסע מתנה פון הימעל
אזא ליעב קינד אין די ארעם צו האלטען.

מארגארעטע.

אין דיעזען לאנד איז עס ניט אזא מנהג.

מעפיסטאָפעלעס.

מנהג אָדער ניט! אזעלכע זאכען פאסירען.

מארטהע.

דערצעהלט מיר דאָך!

מעפיסטאָפעלעס.

איך בין געשטאנען ביי זיין שטערבע בעט.
עס איז געווען אביסעל בעסער ווי מיסט,
פון האלב געפוילטען שטרוי, דאָך איז ער געשטאָרבען אלס קריסט,
און אויסגעפונען, אז זיין געוויסען האט איהם געפלאגט.
„ווי מוז איך," האט ער געזאגט, „מיך אליין האסען,
אזוי צו פערלאָזען מיין ליעבע פרוי!
אך! די עראינערונג טויטעט מיך,
זי זאָל נאָר מיר מוחל זיין אין לעבען!"

מארטהע (וויינענדיג).

דער גוטער מאן, איך האב איהם שוין מוחל געווען.

מעפיסטאָפעלעס.

„דאָך, גאָט וויים, אז זי איז מעהר שולדיג געווען ווי איך."

מאַרטהע.

ליענען! ביי דער שוועל פון קבר א ליעגנער?

מעפיסטאָפעלעס.

ער האט געפאַנטאזירט געווים ביי דער גסיסה,
אויב איך האב נאָר קיין טעות ניט געהאַט.
„קיין צייט איז מיר געבליעבען," האט ער געזאגט,
„פריהער קינדער, דערנאָך זיי פערזאָרגען מיט ברויט,
און ברויט זיי געבען, גאָר קיין שפּאַס,
ביז איך אַליין האב ניט געקענט עסען בשלום."

מאַרטהע.

וואס'זשע האט ער גאָר פערגעסען מיין ליעבע
און מיין שווערע ארביים טאג און נאכט?

מעפיסטאָפעלעס.

ניין, ער האט אויך הערצליך פון דעם געדענקט
און געזאגט: „ווען איך בין קיין מאַלטא אוועק,
האב איך געבעטען פאר מיין פרוי און קינדער,
דאַן האט גאָט זיך אויף אונז מרחם געווען,
אז אונזער שיף האט געכאַפּט א טערקישע שיף
וואס האט געפיהרט דעם סולטאַן'ס גרויסען אוצר,
און איך האב געקריעגען וואס מיר געהערט,
א טהייל פון דעם אוצר פון דער שיף."

מאַרטהע.

ווי? ווי? האט ער עס אפשר בעגראבען?

מעפיסטאָפעלעס.

ווער ווייס וואו עס איז אהין געקומען?
א שעהן מיידעל האט זיך אָנגענומען זיין קריוודע,
ווען ער איז אלס פרעמדער ארומגעגאַנגען איבער נעאַפּעל.

זי האט פאר איהם זעהר פיעלעס געטהאָן
און ער האט געפיהלט ביז צו דער ענדע.

מאַרטהע.

דער לומפּ! דער גנב געגען זיינע קינדער!
אַלע צרות און אַלע לייד, וואס ער האט געהאט,
האבען זיין שענדליך לעבען ניט געקענט ענדערן.

מעפיסטאָפעלעס.

דערפאר אבער, זעהט איהר, איז ער יעצט טויט.
ווען איך וואָלט היינט געווען אויף אייער פּלאַטץ,
וואָלט איך מיר אָבגעטרויערט נאָך איהם א יאהר
און דערווייל זיך אויפגעזוכט עפּעס אַן אנדערן.

מאַרטהע.

אך, גאָט! ווי מיין ערשטער איז געווען
געפין איך ניט אזוי גיך אַן אנדערן.
ער איז געווען אַ נאַר, אבער א ליעבענסווירדיגער,
ער האט בלויז ליעב געהאַט פיעל צו וואַנדערן,
דערצו פרעמדע ווייבער און פרעמדען וויין
און אויך דאס פערפלוכטע ווירפעל שפּיעלען.

מעפיסטאָפעלעס.

אַלעס וואָלט צוגעגאַנגען גאַנץ פיין,
ווען ער וואָלט אויך אין דער היים דאָ
פון זיין זייט געגעבען געננוג פרייהייט.
איך שווער אייך, אז אונטער אזא בעדינג,
וואָלט איך אליין מיט אייך חתונה געהאַט.

מאַרטהע.

איהר ווילט הפנים שפּאַס מאַכען!

מעפיסטאָפעלעס (אן א זייט).

די בעסטע זאַך איז שוין צו מאכען ויברח,
ווען ניט וועט זי האַלטען דעם טייוועל אליין ביים וואָרט.

(צו מארגארעטע׳ן.)

און ווי האַלט עס מיט אייער הארץ?

מאַרגאַרעטע.

וואס מיינט איהר דען דערמיט?

מעפיסטאָפעלעס (אן א זייט).

דו גוטעס, אונשולדיגעס קינד!

(הויך.)

זייט מיר געזונד!

מאַרגארעטע.

געהט געזונטערהייט!

מאַרטהע.

אַך, זאגט מיר נאָר אין דער גיך,
איך וואָלט וועלען האבען אַן עדות,
וואו, ווי און ווען מיין מאַן איז געשטאָרבען און בעגראבען.
איך האָב תמיד ליעב געהאַט די אָרדנונג,
איך וואָלט וועלען לעזען איבער זיין טויט אין די צייטונג.

מעפיסטאָפעלעס.

יא, מיין גוטע פרוי, דורך צוויי עדות
ווערט אימער די וואהרהייט בעשטעטיגט;
איך האב מיט מיר נאָך אַ פיינעם חבר
דעם וועל איך אייך פאר׳ן ריכטער שטעלען,
איך וועל איהם ברענגען אהער.

מארטהע.

איך בעט אייך, ברענגט איהם!

מעפיסטאָפעלעס.

וועלען מיר דיעזע יונגע דאמע אויך דאָ טרעפען?
ער איז א בראווער יונג, בערייזט האט ער די וועלט,
און דעם שעהנעם געשלעכט ווייזט ער גרויסען רעספעקט.

מארגארעטע.

איך וועל אין זיין געגענווארט פערשעהמט ווערען.

מעפיסטאָפעלעס.

אפילו ניט פאר א קעניג!

מארטהע.

דאָ, הינטערן הויז, אין גארטען,
וועלען מיר אייך היינט אבענד ערווארטען.



# גאַס.

פאוסט, מעפיסטאָפעלעס.

פאָוסט.

נו, וואס הערט זיך? זאג, עפּעס האָפנונג?

מעפיסטאָפעלעס.

בראוואָ! איהר ברענט ווי א פייער!
אין א קורצע צייט אבער איז מארגארעטע אייערע.
היינט אבענד זאָלט איהר זי ביי דער שכנה זעהען;
דאס איז א פרוי וואס איז ווי געבוירען
צוצושטעלען נקבות און פיהרען ציגיינער מסחרים.

פאָוסט.

דאס איז גוט.

מעפיסטאָפעלעס.

דאָך ווערט עפּעס פון אונז פערלאַנגט.

פאָוסט.

פאר איין טובה מעג מען מיט א צווייטער בעצאהלען.

מעפיסטאָפעלעס.

מיר דארפען בלויז שווערען, אז איהר מאַן'ס

פים ליעגען דאָרט אויסגעשטרעקט
און בעגראבען אין פאדוא.

פאוסט.

א חכמה! הייסט עס, אז מיר וועלען פריהער מאכען די רייזע.

מעפיסטאָפעלעס.

הייליגע אונשולד! עס הייבט זיך גאָר ניט אָן!
איהר וועט שווערען אפילו ווען איהר ווייסט ניט.

פאוסט.

אויב עס קען אנדערש ניט זיין, זאָל עס אזוי בלייבען.

מעפיסטאָפעלעס.

אָך כשר'ע נשמה וואס איהר זייט!
איז עס דאס ערשטע מאָל אין אייער לעבען
וואס איהר האט פאַלש עדות געזאגט?
האט איהר פון גאָט, וועלט און וואס בעוועגט זיך אין דעם,
פון מענשען, וואס עס געהט פאר אין זייערע קעפּ,
ניט געגעבען קיין דעפיניציאָנען מיט גרויסער קראַפט
און איהר האט אפילו פון אייער חיות ניט געוואוסט?
און ווען איהר זאָלט וועלען טיעף ארייננקוקען,
וועט איהר אליין מודה זיין, אז איהר האט
דערפון געוואוסט פונקט אזוי פיעל ווי פון שווערטליין'ס טויט!

פאוסט.

דו ביסט און בלייבסט א ליגנער, א סאָפיסט!

מעפיסטאָפעלעס.

אזוי איז עס, ווען מען קוקט ניט טיעפער.
ווייל מאָרגען וועסטו מיט דיין גאַנצער עהרע
אָבנארען די ארעמע מארגארעטע
און איהר שווערען די ליעבע פון דיין נשמה.

פאוסט.

מיט׳ן גאנצען הארצען.

מעפיסטאפעלעס.

גאנץ שעהן פון דיר!
דאן וועסטו דערצעהלען פון טרייהייט און ליעבע,
פון אן איינציגער אלמעכטיגער נייגונג —
ועט דאס אויך קומען פון גאנצען הארצען?

פאוסט.

זאל זיין גענוג! געוויס וועט עס אזוי זיין!
ווען איך וועל פיהלען, פאר דעם געפיהל
זוכען א נאמען און ניט קענען געפינען,
דאן דורך דער וועלט שוועבען מיט די חושים,
פאקען די אלערהעכסטע ווערטער
און דיעזע גלוטה פון וועלכער איך בענק
זי אנרופען, אייביג, אונענדליך —
איז דאס אויך א טייוולישער ליגען?

מעפיסטאפעלעס.

דאך האב איך רעכט.

פאוסט.

הער, מערק דיר, וואס איך זאג:
איך בעט דיך, האב רחמנות אויף מיינע לונגען.
ווער עס האט רעכט און האט בלויז א צונג,
וועט ער דאס רעכט געוויס האבען.
אבער קום, די פלוידערייען זיינען מיר איבערדריסיג,
דו האסט רעכט, ווייל איך וויל מיך ניט אויס׳טענה׳ען.

# גארטען.

מארגארעטע אין ארעם מיט פאוסט'ן. מארטהע מיט מעפיסטאפעלעס שפּאצירען אויף און אב.

מארגארעטע.

איך פיהל עס, אז איהר שוינט מיך בלויז,
אז איהר ווילט מיך בלויז ניט פערשעהמען.
א רייזענדער איז שוין אזוי געוואָהנט
אוים גוטסקייט אלעס פאר ליעב אָנצונעהמען.
איך וויים זעהר גוט, אז אזא ערפאהרענעם מאן
קען ניט אונטערהאלטען מיין נאריש געשפּרעך.

פאוסט.

איין בליק פון דיר, דיינעם איין וואָרט אונטערהאלט
מעהר ווי אלע חכמות פון דיעזער וועלט.

(ער קושט איהר האנד.)

מארגארעטע.

בעמיהט זיך ניט, ווי קענט איהר זי קושען?
זי איז אזוי מיאוס, אזוי רוי!
וואס האב איך ניט שוין געמוזט טהון,
די מוטער קלייבט ניט שטארק איבער.

(געהען פאראיבער.)

מארטהע.

און איהר, מיין הערר, רייזט אימער אזוי ארום?

מעפיסטאָפעלעס.

מסחר און פליכטען טרייבען אונז דערצו!
מיט וויפיעל שמערץ פערלאָזט מען אמאָל אן ארט
וואו מען דארף מעהר ניט פערבלייבען!

מארטהע.

אין די יונגע, ווילדע יאהרען, געהט עס אזוי
איבער דער וועלט צו וואנדערן;
דאן קומט די שלעכטע צייט
און זיך אזוי אלס אלטער בחור צום קבר געהען,
איז נאָך פאר קיינעם ניט גוט אויסגעפאלען.

מעפיסטאָפעלעס.

מיט שרעק בליק איך צו יענער צייט.

מארטהע.

דערפאר, מיין פריינד, זעהט אייך ארום בעצייטען.

(געהען פאראיבער.)

מארגארעטע.

יא, אויס די אויגען, אויס דעם זינן!
העפליכקייט איז פאר אונז זעהר גרינג;
איהר האט פריינד איבעראל,
וועלכע זיינען פערשטענדיגער ווי איך בין.

פאוסט.

אך, טהייערע! וואס מען רופט אזוי קלוג און פערשטענדיג
איז אָפט ניט מעהר ווי נאררישקייט און דומהייט.

מארגארעטע.

וואס מיינט איהר?

פאוסט.

איינפאכקייט און הייליגע אונשולד,
ווען וועט איהר אמאל לערנען אייער אייגענעם ווערטה?
ווען וועט עניוות און ניעדעריגקייט, די העכסטע מתנות,
וואס די נאטור האט ליעבעפאל אויסגעטהיילט —

מארגארעטע.

דענקט אן מיר בלויז א קורצע רגע!
איך פון אייך וועל האבען פיעל צו דענקען.

פאוסט.

איהר זייט פיעללייכט צו פיעל אליין?

מארגארעטע.

יא, אונזער ווירטהשאפט איז א קליינע
און דאך דארף מען דערביי ארבייטען.
מיר האבען קיין דיענסט; איך מוז קאכען, קעהרען, שטריקען
און נעהן, און לויפען פריה און שפעט;
און מיין מוטער איז אין אלעמען
— אזוי אקוראט —
עס איז ניט דערפאר ווייל מיר מוזען שפארען;
מיר וואלטען גראדע געקענט ווי אנדערע לעבען;
מיין פאטער האט איבערגעלאזט א היבש פערמעגען,
א הויז און א גארטען נעבען דער שטאדט.
דאך האב איך יעצט גאנץ שטילע טעג;
מיין ברודער איז סאלדאט,
מיין שוועסטערל איז טויט.
מיט דעם קינד האב איך מיך גענוג געפלאגט;
פון דעסטוועגען וואלט איך מיך נאך אמאל געפלאגט,
אזוי ליעב איז מיר געווען דאס קינד.

פאוסט.

א מלאך, אויב עס איז געווען געראטען אין דיר.

מארגארעטע.

איך האב עס אויפגעצויגען, מיך האט עס זעהר געליעבט.
עס איז נאך מיין פאטער'ס טויט געבוירען געוואָרען;
די מוטער האבען מיר שוין אויפגעגעבען,
אזוי קראנק איז זי דאמאלס געווען.
זעהר לאנגזאם האט זי זיך ערהאָלט,
דאן האט זי גאר אן דעם ניט געקענט דענקען
דאס ארעמע ווערעמעל אליין צו זויגען.
מיט מילך און וואסער; אזוי האב איך עס
אויף מיינע ארעם, אויף מיין שויס,
געהאָדעוועט און אויפגעצויגען.

פאוסט.

דו האסט געוויס דערביי דאס רייגסטע גליק געפיהלט.

מארגארעטע.

איך האב אויך געהאט מאנכע שווערע צייטען.
דאס קליינע וויעגעל איז געשטאנען ביי נאכט
נעבען מיין בעט; נאר א בעוועגונג
און איך האב שוין ערוואכט.
האב עס געמוזט האָדעווען, לעגען נעבען מיר,
ווען עס האט ניט געשוויעגען, פון בעט אויפשטעהען,
און טאנצענדיג אין דער קאמער אויף און אב געהען.
דאן אויפ'ן מארק, אכטונג געבען אין קיך,
אזוי איז עס געגאנגען פון טאג צו טאג.
דאָ, מיין הערר, געהט עס ניט אימער פרעהליך צו;
דאך שמעקט דערפאר דאס עסען, די רוה.

(געהען פאראיבער.)

מארטהע.

מיר ארעמע פרויען מוזען זיך גענוג פלאגען:
צו בעקעהרען א בחור איז ניט קיין גרינגע זאך.

מעפיסטאפעלעס.

מאדאם, עס בעלאנגט אין גאנצען אן אייך
איהר זאלט מיך אנדערש אויפקלערען.

מארטהע.

זאגט מיר נאר דעם גאנצען און ריינעם אמת:
האט איהר נאך קיינעם געטראפען אייך צו פאסען?

מעפיסטאפעלעס.

דאס שפריכווארט זאגט: אן אייגענער פריפעטשיק,
א בראווע פרוי, זיינען ווערטה גאלד און פערלען.

מארטהע.

איך מיין אויב איהר האט אמאל חשק געהאט.

מעפיסטאפעלעס.

מען האט מיך איבעראל גאנץ העפליך אויפגענומען.

מארטהע.

איך וויל זאגען: איז עס קיינמאל ניט געווען ערנסט אין אייער הארץ?

מעפיסטאפעלעס.

מיט פרויען זאל מען קיינמאל ניט שפאסען.

מארטהע.

אך, איהר פערשטעהט מיך ניט!

מעפיסטאָפעלעס.

דאס טהוט מיר זעהר לייד.
דאָך פערשטעה איך, — אז איהר זייט זעהר גוט.

(געהען פאראיבער.)

פאוסט.

קליינער ענגעל, אזוי, דו האסט מיך
דערקענט ווי איך בין אין גארטען אריין?

מארגארעטע.

האט איהר עס ניט געזעהען?
איך האב די אויגען ארונטערגעלאָזט.

פאוסט.

און דו פערצייהעסט די פרייהייט, וואס איך
האב מיר גענומען, דאס הייסט די פרעכהייט,
ווען דו ביסט פון דער קירכע ארויסגעגאנגען?

מאַרגארעטע.

בין געוועו דערשראָקען, עס האט מיר קיינמאָל ניט פאסירט;
קיינער האט פון מיר קיין שלעכטס ניט געקענט רעדען.
איך האב געמיינט, אז איהר האט אין מיין בענעהמען
עפּעס פרעכעס, אָדער אונאַנשטענדיגעס געזעהען.
עס האט אויסגעזעהען עפּעס אנצוציהען
מיט דיעזער בחור'טע צו טשעפּען.
דאָך בין איך מודה, אז איך האב ניט געוואוסט
וואס עס האט מיך צו אייך געצויגען.
פון דעסטוועגען בין איך גענוג בייז אויף מיר
וואס איך האב ניט געקענט ווערען בייז אויף אייך.

פאוסט.

זיסע געליעבטע.

מארגארעטע.

ווארט א מינוט!

(זי פליקט אָב א שטערען־בלום, ציפּט אָב די בלעטער איינער נאָך דעם אנדערן.)

פאוסט.

איז דאס א בלומענשטרויס?

מארגארעטע.

ניין, בלויז א שפּיעל.

פאוסט.

וואס הייסט?

מארגארעטע.

געהט! איהר לאכט פון מיר.

(צופּט די בלעטער און מורמעלט.)

פאוסט.

וואס מורמעלסטו?

מארגארעטע (האלב הויך).

ער ליעבט מיך — ער ליעבט מיך ניט.

פאוסט.

זיסע, הימלישע געליעבטע!

מארגארעטע (זעטצט פאָרט).

ליעבט מיך — ניט — ליעבט מיך — ניט.

(אָבצופּענדיג דאס לעצטע בלעטעל מיט א פרעהליכען געשריי.)

ער ליעבט מיך!

פאוסט.

יא, מיין קינד, לאָז דיעזעס בלומען־וואָרט
דיר געטליכעס פערשפּרעכען זיין: ער ליעבט דיך!
פערשטעהסטו וואס דאס הייסט? ער ליעבט דיך!

(כאפּט אָן איהרעביידע הענד.)

מארגארעטע.

איך ציטער אזוי!

פאוסט.

אָך, ציטער ניט! לאָז דיעזער בליק,
לאָז דיעזען האנד־דרוק דיר זאגען,
וואס איך קען ניט אויסשפּרעכען:
זיך אוועקצוגעבען איז א פרייד
צו פיהלען, אז דאס איז אייביג!
אייביג! דער סוף מוז זיין פערצווייפלונג.
ניין, קיין סוף! קיין ענדע!

מארגארעטע.

(דריקט איהם די הענד, בעפרייעט זיך און ענטלויפט. ער שטעהט א אויגענבליק אין געדאנקען, דאן געהט ער איהר נאָך.)

מארטהע (אָנקומענדיג.)

עס הייבט אָן נאכט צו ווערען.

מעפיסטאָפעלעס.

און מיר מוזען שוין געהען.

מארטהע.

איך בעט אייך לענגער דאָ צו בלייבען,
דאָך איז עס דאָ א שלעכטער אָרט.

עס זעהט אויס, אז קיינער האט ניט וואס צו טהון
און קיין זאך צו מאכען,
ווי בלויז אויף דער שכנה'ס שריט און טריט צו קוקען,
און מען הייבט באלד אן זיך צו שושקען.
וואו איז אונזער פאארעל?

מעפיסטאפעלעס.

זיי זיינען אהין דארט ארויף געפלויגען,
פונקט ווי די זומער־פייגעלעך.

מארטהע.

ער זעהט אויס איהר צו פאסען.

מעפיסטאפעלעס.

גי איהם אויך. אזוי פיהרט זיך עס אויף דער וועלט.



# אַ גאָרטען־הויז.

(מארגארעטע שפּרינגט אריין, בעהאלט זיך הינטער דער טהיר. האלט
די שפּיץ־פינגער אויף די ליפּען און קוקט דורך דער זייט.)

מאַרגאַרעטע.

ער קומט!

פאַוסט (אַנקומענדיג).

אַך, דו קליינינקע! אזוי רייצטו מיך!
איך האב דיך געכאַפּט!

(ער קושט זי.)

מאַרגאַרעטע.

(איהם אַנכאַפּענדיג און צוריק געבענדיג דעם קוש.)

מיין טהייערסטער! פון הארצען ליעב איך דיך!

(מעפיסטאָפעלעס קלאַפּט אָן.)

פאַוסט (שטאַמפּענדיג מיט'ן פוס).

ווער איז דאָרט?

מעפיסטאָפעלעס.

א פריינד!

פאַוסט.

א חיה!

מעפיסטאָפעלעס.

עס איז שוין צייט צו געהען.

מארטהע (אָנקומענדיג).

יא, מיין הערר, עס איז שפעט.

פאוסט.

דארף איך אייך ניט בעגלייטען?

מארגארעטע.

מיין מוטער וועט — גוטע נאכט!

פאוסט.

מוז איך דען שוין געהען?
אדיע!

מארטהע.

אדיע!

מארגארעטע.

צום באלדיגען ווידערזעהען!

(פאוסט און מעפיסטאָפעלעס אב.)

מארגארעטע.

דו ליעבער גאָט! וואס אזא מאַן איז
איבער אזעלכע ווי איך בין!
פערשעהמט נאָר שטעה איך פאר איהם דאָ,
און זאג אויף אלצדינג „יא".
איך בין דאָך אַן ארעם אונוויסענד קינד,
איך פערשטעה ניט וואס ער אין מיר געפינט.

# וואלד און הייהל.

### פאוסט (אליין).

ערהאבענער גייסט, דו האסט מיר אלעס געגעבען,
וואס איך האב פערלאנגט. דו האסט מיר ניט אומזיסט
דיין פנים אין פייער צוגעווענדעט.
האסט מיר געגעבען הערליכע נאטור צום קעניגרייך,
קראפט זי צו פיהלען, צו געניסען. ניט
נאר א קאלטען שטוינענדען בעזוך ערלויבסטו נאר,
פערגינסט מיר אויך איהר טיעפע ברוסט,
ווי אין בוזעם פון א פריינד אריינצוקוקען.
דו פיהרסט די רייהע פון די לעבעדיגע
מיר פארביי און לערענסט מיך מיינע ברידער
אין שטילען בוש, אין לופט און וואסער זיך בעקענען.
און ווען דער שטורם אין וואלד ברויזט און קראכט
דער ריעזענבוים צושמעטערענדיג דעם שכן׳ס צווייגען
און דעם שכן׳ס ווארצלען קוועטשענדיג בייגט ארונטער,
דאן פיהרסטו מיך אין זיכערער הייהל, ווייזט
מיר דאן מיך זעלבסט אין מיינער אייגענער ברוסט
עפענען זיך געהיימע טיעפע וואונדען.
פאר מיין בליק שטייגט אויף די ריינע לבנה
בערוהיגענד שוועבט זי, דאן קומען
פון פעלזען־ווענט, אוים דעם טיעפען בוש
פון פריהעריגע דורות זילבערנע געשטאלטען
און לינדערן די טרויעריגע און שטרענגע געדאנקען.
קיין פאלקאמענע זאך איז בעשטימט פאר׳ן מענשען,

איך פיהל עס יעצט! דו האסט צו דער פרייד,
וואס ברענגט מיך אלץ נעהנטער צו די געטער,
מיר געגעבען א חבר, אהן וועלכען איך קען
שוין ניט מעהר זיין, אלץ איינס, אויב ער קאלט און פרעך
מיך פאר מיר אליין ערניעדריגט, און צו גאר ניט,
בלויז מיט א הויך, פערוואנדעלט ער דיינע מתנות.
ער זוכט אין מיין ברוסט א ווילדעס פייער
אויפצופלאקערן נאך יענעם שעהנעם בילד.
אזוי לויף איך פון גייגיעריגקייט צו גענוס
און אין גענוס פערשמאך איך נאך גייגיערינקייט.

(מעפיסטאפעלעס ערשיינט.)

## מעפיסטאפעלעס.

האט איהר שוין גענוג פון דיעזען איינזאמען לעבען?
אויף ווי לאנג קען דאס אייך בעגליקען?
עס איז ניט שלעכט אמאל עס צו פרובירען,
אבער דאן דארף מען ווידער עפעס נייעס.

## פאוסט.

איך וואלט וועלען דו זאלסט עפעס האבען מעהר צו טהון
ווי מיך אין מיין גליקס־שטונדע צו פלאגען.

## מעפיסטאפעלעס.

נו! נו! איך לאז דיך גערן צורוה,
דו דארפסט מיר גאר ניט אין אזא ערנסט זאגען.
זיך צו שיידען פון אזא פעררוקטען, בייזען און אויפגערעגטען
חבר האט מען ווירקליך ניט וואס צו פערלירען.
דעם גאנצען טאג איז מען נאר בעשעפטיגט!
וואס עס געפעלט אייך און וואס געפעלט ניט
לאזט איהר אפילו ניט מיט א וואונק וויסען.

פאוסט.

אויב אזוי, הייסט עס, האט ער נאָך רעכט,
ער נודעט מיך און וויל נאָך א דאנק דערפאר.

מעפיסטאָפעלעס.

זאג מיר נאָר, ארעמער בן־אדם, ווי וואָלטסטו
דאס לעבען אָהן מיר געקענט פיהרען ?
פון נאררישע און פוסטע פאנטאזיען
האב איך דיך אויף א צייט לאנג קורירט ;
און ווען ניט איך, וואָלסטו שוין
פון דיעזען ערדבאלל אראָבשפאצירט.
וואס טהוסטו דאָ אין דיעזע פעלזען־שפאלטען,
וואו דו האסט דיך אוועקגעזעצט ווי א נאכט א ילע ?
וואס זוכסטו דאָ צווישען די קאפּענדע שטיינער,
ווי א קראָט זיין נאהרונג ?
א שעהנער, זיסער צייט־פערטרייב.
דיר ליעגט נאָך דער דאָקטאָר אין לייב !

פאוסט.

פערשטעהסטו וואס פאר א לעבענסקראפט
מיר פערשאפט דיינע וואנדערונג אין דער מדבר ?
ווען דו וואָלסט עס נאָר געקענט בעגרייפען, דאן
וואָלסטו געווען גענוג טייוועל מיין גליק ניט צו פערגינען.

מעפיסטאָפעלעס.

אן איבערערדישעם פערגניעגען !
אין נאכט און טהוי אויף די בערג צו ליעגען,
די ערד און הימעל ארום זיך צו נעהמען
און אָנגעשוואָלען ווערען מיט חדוה פון גאָטהייט,
דעם מארך פון דער ערד דורכצובויערן,

פיהלען אלע ששת ימי־בראשית אין בוזים,
אין שטאָלצער קראפט געניעסען איך וויים ניט וואס,
באלד אין פערגניעגען פון ליעבע זיך פערטיעפען,
דער בן־אדם ווערט אין גאַנצען פערשוואונדען
און דאַן די הויכע נייגונג —

(מיט א מינע.)

איך דארף ניט זאגען מיט וואס — צו שליעסען!

פאוסט.

טפו אויף דיר!

מעפיסטאָפעלעס.

דאס געפעלט אייך גאָר ניט;
איהר האט דאס רעכט „טפו" צו זאגען.
מען דארף עס ניט פאר צנועה'דיגע אויערן דערמאָהנען
אָהן וועלכען צנועה'דיגע הערצער קענען ניט זיין.
איבריגענס, איך פערגין אייך דאס פערגניעגען
איהר זאָלט זיך אליין אָבנארען און בעטריגען;
אבער לאַנג האלט מען דאס ניט אויס.
דו ביסט שוין ווידער עפּעס מטושטש,
און אויב מען וועט דיך לאָזען, בלייבסטו פעררוקט
אין משוגעת אָדער אנגסט און שרעקען.
גענוג שוין דערמיט! דיין געליעבטע זיטצט דאָרט
און אלעס ווערט איהר ענג און טרויעריג.
דו געהסט איהר גאָר ניט ארויס פון זינען,
זי האט דיך געוואַלטיג ליעב.
ערשט האסטו בעוויזען די גרויסע ליעבעס־וואוטה
ווי פון געשמאָלצענעם שנעע א גרויס געוויסער;
דו האסט עס איהר אין הארץ אריינגעגאָסען,
יעצט האט דאס טייכעל אויפגעהערט צו פליעסען
מיר דאכט, אנשטאט אין וועלדער צו הערשען,
וואָלט עס געפּאסט דעם גרויסען הערר
דאס ארעמע און יונגע שעהנע מיידעל

פאר איהר ליעבע צו בעלוינען.
די צייט ווערט איהר שטארק לאנגווייליג!
זי שטעהט ביים פענסטער, זעהט די וואָלקען שוועבען
אהין איבער דער אַלטער שטאדט־מויער.
„ווען איך וואָלט געווען א פייגעלע,״ זינגט זי דאָרט
דעם גאַנצען טאג ביז אין האלבע נאכט.
אמאָל איז זי מונטער, מייסטענטהיילס בעטריעבט,
אמאָל איז זי גוט אויסגעוויינט,
דאַן, ווי עס שיינט, ווידער רוהיג,
אבער אימער איז זי פערליעבט.

פאָוסט.

שלאַנג! שלאַנג!

מעפיסטאָפעלעס (פאר זיך).

גוט, ווען איך כאפ דיך אין מיין נעטץ.

פאָוסט.

פערפלוכטער! אוועק געה פון דאַנען
און רוף מיר ניט אָן דאס שעהנע מיידעל;
ברענג אויך ניט דעם חשק צו איהר זיסען לייב
פאר מיינע האלב־פעררירקטע חושים!

מעפיסטאָפעלעס.

וואס הייסט דאס? זי מיינט דו ביסט ענטלאָפען,
און עס שיינט, אז עס איז א העלפט טאקי אזוי.

פאָוסט.

איך בין נאָהענט צו איהר, זאָל איך זיין נאָך אזוי ווייט
קען איך זי ניט פערגעסען, ניט פערלירען.
איך בין מקנא די הייליגע האָסטיא,
ווען איהרע ליפען האבען עס בעריהרט.

מעפיסטאָפעלעס.

זעהר גוט, מיין פריינד, איך האב אָפט מקנא געווען
דאס צווילינגספּאאר וואס פּאַסעט צווישען די רויזען.

פאוסט.

אוועק, הוררען־מייסטער!

מעפיסטאָפעלעס.

זעהר שעהן, איהר שעלט און איך מוז לאַכען.
דער גאָט וואס האט אינגעל און מיידעל געשאַפען
האט באַלד אנערקענט צו וואס זיי פּאַסען,
און זיי אויך אַ געלעגענהייט געגעבען.
אבער גענוג, עס איז טאקי אַ רחמנות
איהר זאָלט בעסער אוועק אין אייער געליבטער׳ס צימער
און ניט דענקען גאָר פון טויט.

פאוסט.

וואס איז הימעלס־פרייד אין איהרע ארעמס?
לאָז מיך ביי איהר ברוסט דערווארעמען!
פיהל איך ניט איבער איהר נויט?
בין איך ניט דער ענטלאָפענער, דער היימלאָזער,
דער אונמענש, אָהן צוועק, אָהן רוה,
וועלכער ווי אַ וויסער שטורם פון פעלז צו פעלז ברויזט
נייגיעריג וויטהענד אהין צום אבגרונד?
און זיך דאָרט ערגעץ אין אַ ווינקעל
מיט קינדישע געפיהלען אין קליינעם שטיבעלע
אויפ׳ן אַלפען־פעלד האט זי אָנגעפאנגען
צו דענקען אין איהר קליינע וועלט.
און איך, דער גאָטפערהאסטער, האב ניט גענוג
ווען איך נעהם ארום די פעלזען
אום זיי צו צושמעטערן?
זי, איהר פריעדען מוז איך אונטערגראָבען!

דו, גיהנום, מוזט האבען דעם קרבן?
העלף, טייוועל, אבצוקירצען די שמערצען־צייט!
וואס עס דארף געשעהען, זאל שוין זיין!
זאל איהר שיקזאל פאלען אויף מיין קאפ
אוןביידע צוזאמען צו גרונד געהען!

## מעפיסטאפעלעס.

ווי עס זידט שוין וויעדער און עס גליהט!
געה אריין, דו נאר, און טרייסט זי.
ווען אזא קעפעלע זעהט ניט קיין אויסוועג,
מיינט זי, אלעס איז שוין צו ענדע.
לעבען זאל דער וואס האלט זיך העלדיש!
דו ביסט דאך זאנסט אזוי גוט פערטייוועלט.
און פאר א פערצווייפעלטען טייוועל דא
איז פשוט א בושה צו עקזיסטירען.



# מאַרגאַרעטע׳ס שטוב.

**מארגארעטע (ביים שפינראַד אליין).**

מיין רוה איז אוועק,
מיין הארץ איז שווער;
איך געפין זי קיינמאָל,
קיינמאָל ניט מעהר.

ווען איך האב איהם ניט,
איז מיר אַלעס קבר,
די גאַנצע וועלט
איז מיר פערגאללט.

מיין ארעמער קאָפּ
איז מיר פעררִיקט,
מיין ארעמער זינן
איז מיר צוריסען.

מיין רוה איז אוועק,
מיין הארץ איז שווער;
איך געפין זי קיינמאָל,
קיינמאָל ניט מעהר.

נאָך איהם נאָר קוק איך
צום פענסטער ארויס,
נאָך איהם נאָר געה איך
פון הויז ארויס.

זיין הויכער גאנג,
זיין עדלע געשטאלט,
זיין מויל'ס לאכען,
זיינע אויגען'ס געוואלט.

און פון זיינע רייד
דער צויבערפלוס,
זיין האנד־דרוק,
און אך, זיין קוס!

מיין רוה איז אוועק,
מיין הארץ איז שווער;
איך געפין זי קיינמאל,
קיינמאל ניט מעהר.

מיין בוזים דרינגט
זיך נאך איהם אהין;
אך, איהם צו האבען
און האלטען פעסט!

און קושען איהם
גאר אהן א שיעור.
פון זיינע קושען
שטארבען אפילו.



# מארטהע'ס הויז.

מארגארעטע, פאוסט.

מארגארעטע.

פערשפרעך מיר, היינריך —

פאוסט.

וואס איך קען!

מארגארעטע.

נו זאג מיר, ווי האלסטו מיט רעליגיאָן?
דו ביסט טאקי א גאנץ בראַוועור מאַן,
דאָך, גלויב איך, האלסטו ניט דערפון.

פאוסט.

לאָז דאס אָב, מיין קינד. דו ווייסט איך ליעב דיך;
פאר מיין ליעבע וועל איך מיין פלייש און בלוט געבען,
אבער אנדערע ווילען פון זייער גלויבען אין קירכע ניט ריהרען.

מארגארעטע.

דאס איז ניט רעכט, מען מוז אין דעם גלויבען.

פאוסט.

מוז מען?

מארגארעטע.

אך, ווען איך וואלט דיך נאר געקענט בעגייסטערן!
איך האב מורא, אז דו עהרסט אפילו ניט די הייליגקייטען.

פאוסט.

איך עהר זיי יא.

מארגארעטע.

אבער אהן א שום חשק;
האסט לאנג ניט געבעטען, דיך ניט מתודה געווען.
גלויבסטו אין גאט?

פאוסט.

מיין טהייערע, איך דארף זאגען,
„איך גלויב אין גאט?"
מעגסט פרעגען דעם גייסטליכען אדער דעם חכם,
און זייער ענטפער שיינט ווי שפאט
נעגען דעם וואס פרעגט אזוי.

מארגארעטע.

אויב אזוי, דאן גלויבסטו ניט?

פאוסט.

פערשטעה מיך נאר, מיין ליעבע.
ווער דארף איהם אנרופען?
ווער דארף מודה זיין:
איך גלויב איהם.
ווער קען פיהלען,
זיין הארץ אבהארטעווען
און זאגען: איך גלויב איהם ניט!
דער וואס נעהמט ארום אלעס,
וואס האלט אויף אלעס,
נעהמט ער ניט און האלט ער ניט

מיך, דיך און זיך זעלבסט?
וועלבט זיך דער הימעל ניט איבען?
ליעגט ניט די ערד פעסט אונטער אונז?
און שטייגען ניט די פריינדליכע
אייביגע שטערען דאָרט ארויף?
קוק איך דיר ניט אויג אין אויג,
און דרינגט ניט אלעס
דיר צום קאָפּ און הארצען
און וועבט אין אייביגען געהיימניס
נעבען דיר דאס אונזיכטבאר זעהענדיגע?
פילל דערמיט אָן דיין הארץ אין גאַנצען
און ווען דו וועסט שוין זיין גאָר גליקליך,
רוף עס דאַן ווי דו ווילסט,
רוף עס גליק, הארץ, ליעבע, גאָט!
דערפאר האב איך קיין
נייגען! געפיהל איז אַלעס!
נייגען איז קלאַנג און רויך
פערוואָלקענדיג דעם הימעל׳ס גלאַנץ.

מארגארעטע.

דאס אלעס איז טאקי זעהר שעהן;
כמעט אזוי זאגט אויך דער פרעדיגער,
בלויז מיט אביסעל אַנדערע ווערטער.

פאוסט.

דאס זאגט מען איבעראל,
אַלע הערצער זאגען דאסזעלבע;
יעדער אין זיין אייגענער שפראך,
פאר וואס ניט איך אין מיינער?

מארגארעטע.

ווען מען הערט דיך רעדען, אז אלעס

איז גוט, דאָך האב איך מורא,
אז דו ביסט ניט קיין פרומער קריסט.

פאוסט.

ליעבעס קינד!

מארגארעטע.

אָך, עס טהוט מיר שוין לאַנג וועה
דיך צו זעהען אין שלעכטער געזעלשאפט.

פאוסט.

וואס מיינסטו?

מארגארעטע.

דער מאַן וואס קומט אַלץ דאָ מיט דיר,
איהם האס איך פון דער טיעפסטער נשמה.
קיין זאַך אין מיין גאַנצעס לעבען האט מיר
נאָך ניט אַזאַ שטאָך אין הארצען געגעבען
אַט ווי דעם מענשען'ס אבשייליכעס געזיכט.

פאוסט.

טהייערע געליעבטע, האב קיין מורא ניט.

מארגארעטע.

זיין געגענוואַרט רעגט מיך אויף.
זאָנסט בין איך גוט מיט אַלע מענשען.
ווי איך בייַנק דיך אָפט צו זעהען,
דאָך ציטער איך פאַר יענער בריאה.
דערצו רעכען איך, אז ער איז א לומפּ!
גאָט, זיי מיר מוחל, ווען איך האב ניט קיין רעכט.

פאוסט.

מען דארף אבער אויך אַזאַ חברה האבען.

מארגארעטע.

איך וואָלט מיך מיט איהם ניט וועלען בעגעגענען.
אזוי ווי ער קומט נאָר צו דער טהיר צו,
ווארפט ער אריין א שפּאָטישע מינע
מיט א האלבען גיפטיגען בליק.
מען זעהט, אז ער סימפּאטהיזירט מיט קיין זאך;
עס שטעהט איהם אָנגעשריעבען אויפ'ן שטערען,
אז ער קען זיין אייגענע נשמה ניט ליעבען.
אין דיינע ארעמס פיהל איך אזוי גוט,
אזוי פריי און אזוי ווארעם,
נאָר זיין נעגענווארט זעהט אוים ווי מיך צו דערשטיקען.

פאוסט.

אהנונגספאָלער ענגעל! האב קיין מורא ניט!

מארגארעטע.

עס בעהערשט מיך אזוי שטארק,
אז אזוי ווי ער קומט נאָר צו
מיין איך, אז איך ליעב דיך ניט מעהר.
און ווען ער איז דאָ, קען איך ניט בעטען
און דאס פרעסט זיך אריין אין מיין הארץ;
מיט דיר, היינריך, מוז עס אויך אזוי זיין.

פאוסט.

עס איז דיין האס צו איהם!

מארגארעטע.

איך מוז שוין אוועק.

פאוסט.

קען איך קיינמאָל ניט
א שטונדע רוהיג נעבען דיין בוזים זיין

און ברוסט צו ברוסט, נשמה צו נשמה דריקען?

מארגארעטע.

אך, ווען איך וואלט נאר אליין געשלאפען,
איך וואלט דיר גערן היינטיגע נאכט געעפענט דעם ריגעל;
אבער מיין מוטער האט א גרינגען שלאף,
און ווען זי זאל אונז ביידע איבערראשען,
וואלט איך באלד אויפ'ן פלאטץ געשטארבען.

פאוסט.

ליעבער ענגעל, דאס איז ניט נעטהיג.
דא האסטו א פלעשעלע, בלויז דריי טראפען
אריינגיסען אין איהר געטראנק
און זי וועט זעהר געשמאק שלאפען.

מארגארעטע.

וואס טהו איך ניט פון דיינעטוועגען?
האפענטליך וועט עס איהר ניט שאטען.

פאוסט.

וואלט איך דיר עס זאנסט געהייסען טהון?

מארגארעטע.

אזוי ווי איך זעה דיך נאר, וויים
איך ניט וואס מיך טרייבט צו דיין ווילען.
איך האב פאר דיר שוין אזוי פיעל געטהאן,
אז איך האב שוין באלד ניט פאר דיר וואס צו טהון.

(אב.)

מעפיסטאפעלעס ערשיינט.

מעפיסטאפעלעס.

די אבעזאניע! איז זי שוין אוועק?

פאוסט.

האסטו שוין ווידער שפּאַנירט?

מעפיסטאָפעלעס.

יא, איך האב מיך צו אַלעמען אונטערגעהערט.
דער הערר דאָקטאָר איז אביסעל אויסגע׳מוסר׳ט געוואָרען,
איך האָף עס וועט אייך וואויל בעקומען.
די מיידלעך זיינען שטארק פעראינטערעסירט
אויב איינער איז גוט און פרום נאָך׳ן אַלטען שטייגער,
זיי רעכענען, אז איינער בייגט זיך דאָ, וועט ער זיי אויך פאָלגען.

פאוסט.

בייזע חיה דו, זעהסטו ניט איין
ווי דיעזע ריינע, ליעבע נשמה
דורכגענומען פון איהר גלויבען
וועלכער קען זי
גליקליך מאַכען, איז שרעקליך געקוועהלט,
וואס דער מאַן וועמען זי ליעבט איז א פערלוירענער?

מעפיסטאָפעלעס.

די חומר׳דיגער בעל־חומר,
ווי א מיידעל פיהרט דיך ביי דער נאָז!

פאוסט.

דו נפל פון שמוטץ און פייער!

מעפיסטאָפעלעס.

אין חכמת הפרצוף איז זי גאָר א מאדים.
אין מיין געגענוואַרט פיהלט זי, וואס זי ווייס אליין ניט,
מיין מאַסקע דערצעהלט איהר עפּעס פערבאָרגענעס,
זי פיהלט, אז איך בין געוויס א געניע,

פיעללייכט גאָר דער טייוועל אליין.
די היינטיגע נאַכט — ?

פאוסט.

וואס געהט עס דיך אָן ?

מעפיסטאָפעלעס.

גאָר ניט, מיך פרייעט עס בלויז.



# בײ'ם ברונען.

מארגארעטע און ליזא מיט קרוגען.

ליזא.

האסטו ניט געהערט עפּעס פון בארבארא'ן ?

מארגארעטע.

קײן װאָרט! איך קום זעהר װעניג צװישען מענשען,

ליזא.

געװיס, סיבילע האט עס מיר הײנט געזאגט!
זי האט זיך ענדליך אויך בענארישט!
דאס קומט פון זײן אזוי שטאָלץ!

מארגארעטע.

װי אזוי ?

ליזא.

עס שטינקט!
זי האָדעװעט צװײ, װען זי עסט און טרינקט.

מארגארעטע.

װעה איז מיר!

ליזא.

זי האט זיך עס עהרליך פערדיענט.

ווי לאַנג זי האט זיך אויף איהם אַנגעהאַנגען!
דאס איז געווען א שפּאַצירען,
פון דאָרף־יריד צום טאַנץ־פּלאַטץ!
געמוזט איבעראַל זיין די ערשטע,
זי תמיד טראַקטירט מיט קוכען און וויין;
זיך שטארק איינגעבילדעט אויף איהר שעהנהייט,
אזא חצופה, געווען אזוי אונפערשעהמט
מתנות פון איהם אַנצונעהמען.
עס איז געווען א ליעבע מיט א קושעריי
ביז דאס ליעבע־בלימעל איז אוועק.

## מאַרגאַרעטע.

נעבעך!

## ליזא.

בעדויערסט זי נאָך גאָר!
ווען מיר זיינען ביינאַכט ביים שפּינען געזעסען,
און אונזערע מאַמעס האבען אונז ניט ארויסגעלאָזט,
דאַן האט זי זיך געליובעט מיט איהר יונג;
אויף דער טהירבאַנק, דאָרט אין די ליקען,
איז פאר איהר קיין שטונדע געווען צו לאַנג.
איהר שטאָלצען קאָפּ וועט זי יעצט מוזען בייגען
און אין זינדען־העמד תשובה טהון.

## מאַרגאַרעטע.

ער וועט דאָך געוויס מיט איהר חתונה האבען.

## ליזא.

א נאר וואָלט ער געווען! אזא חברה־מאַן
האט נאָך פאר זיך א ברייטע וועלט.
ער איז שוין אויך אוועק.

מארגארעטע.

דאס איז ניט שעהן!

ליזא.

ווען זי זאָל איהם כאפּען, אויך שלעכט פאר איהר.
דאס כלה־קרענצעל וועלען די אינגלעך איהר אָברייסען.
און מיר וועלען אויך פון איהר חוזק מאכען.
(אב.)

מארגארעטע (געהענדיג אהיים).

ווי איך האב געקענט אמאָל זיך צו קאָכען
איבער אַן ארעם מיידעל וואס איז ארונטער פון וועג!
ווי איך האב דאס געקענט איבער פרעמדע זינד
זאגען און רעדען וואס מיר איז אין מויל אריינגעקומען!
ווי שווארץ עס איז געווען, האב איך עס נאָך פערשווארצט,
מיר האט עס קיינמאָל אויסגעזעהען שווארץ גענוג.
מיך האב איך תמיד געלויבט און געריהמט,
און יעצט בין איך אליין פון זינד שווארץ!
דאָך אַלעס וואס מיך האט דערצו געטריעבען,
אָה גאָט, איז געווען אזוי גוט, אזוי ליעב!



# צווינגער.

(אין דער מויער־הייהל שטעהט א בילד פון דער Mater Dolores
(קלאנג־מוטער), פאר דעם שטעהען בלומען־טעפּ.)

מאַרגאַרעטע (שטעקט אריין פרישע בלומען אין די טעפּ).

אך, נייג דו,
די רייכע אין שמערצען,
דיין פנים מיט חסד אין מיין נויט!
דאס שווערט אין הארצען,
מיט טויזענד שמערצען,
בליקסטו אויף דיין זוהן׳ס טויט.
צום פאטער בליקסטו,
און זיפצען שיקסטו
ארויף וועגען זיין און דיין נויט.
ווער פיהלט,
ווער בעגרייפט
דעם שמערץ אין מיינע ביינער?
וואס מיין ארעם הארץ צאפּעלט זיך,
וואס עס ציטערט, וואס עס פערלאנגט,
ווייסט נאַר דו, נאַר דו אליין
וואוהין איך געה נאַר,
ווי וועה, ווי וועה, ווי וועה,
ווערט מיר אַט דאַ אין מיין בוזים!
ווען איך בין, אך, איינע אליין,
איך וויין, איך וויין, איך וויין,

דאס הארץ ווערט מיר צובראָכען.
די בלומען־טעפּ פאר מיין פענסטער
האב איך בעטהויעט מיט טרערען,
ווען איך האב אין פריה־מאָרגען
דיר דיזע בלומען אָבגעבראָכען.
ווען די זונן האט אין מיין צימער
גאַנץ פריה אריינגעשיינט,
בין איך שוין געזעסען און געוויינט
דאָרט אין צרות אויף מיין בעט.
העלף! רעטע מיך פון בושה און טויט!
אך, נייג דו,
די רייכע אין שמערצען,
דיין פּנים מיט חסד אין מיין נויט!



# גאַם פאר מארגארעטע׳ס טהיר.

וואלענטין (סאָלדאט, מארגארעטע׳ס ברודער).

וועז איך פלעג אזוי זיטצען מיט דער חברה,
וואו יעדער האט זיך געוואָלט בעריהמען,
געלויבט האבען זיי די פערשיעדענע מיידלעך,
מיט וועלכע יעדער בעזונדער איז בעקאנט
און געטרונקען האט מען צו דער עהרע
פון די אָנגערופענע פרויענצימער;
בין איך מיר געזעסען גאנץ רוהיג,
אויסגעהערט זייערע בעריהמערייען,
לאכענדיג מיר געגלעט די בארד
און נעהמענדיג דאס פולע גלאז אין האנד,
האב איך געזאגט: ערקלערט מיר נאָר
אויב עס איז דאָ אין גאנצען לאנד
איינע וואס איז ווי מארגארעטע,
וואס זאָל זיין גלייך צו מיין שוועסטער?
קלינג, קלאנג, האבען די גלעזער געקלונגען,
מען האט געשריען: „ער האט רעכט,
זי איז א ציערונג פון גאנצען געשלעכט!"

און יעצט, די האאר קען איך מיר אויסרייסען,
קריכען און זיך דראפּען אויף די גלייכע ווענט!
מיט חוזק, נאָז־פערקרימעניש און שפּאָט
זאָל יעדער לומפּ מיך בעליידיגען?

זיטצען זאָל איך ווי א בייזער בעל־חוב
און שוויטצען הערענדיג יעדעס וואָרט.
און ווען איך זאָל זיי אפילו אלע שלאָגען,
קען איך זיי דאָך ליגנער ניט רופען.

ווער קומט דאָרט? וואס זעה איך?
האב איך קיין טעות? דאס זיינען צוויי.
אויב ער איז עס, דאן נאָך איהם באלד
און לעבעדיג זאָל ער פון מיינע הענד ניט ארויס!

פאוסט, מעפיסטאָפעלעס.

פאוסט.

ווי פון דעם פענסטער דאָרט אין קירכע
ארויף־צו פלאקערט דער שיין פון נר־תמיד
און שוואך און שוואכער ארום זיך פלאמט
און פינסטערנים פערשפרייט זיך ארום־און־ארום!
פונקט אזוי פינסטער איז עס אין מיין הארצען.

מעפיסטאָפעלעס.

און מיר איז עס ווי דעם קאָטער,
וועלכער גנב'עט זיך אויף דער פייער־לייטער,
און קריכט זיך לאנגזאם ארום די מויערן;
מיר פיהלט זיך גאנץ צניעות'דיג דערביי,
אביסעל גנבה, לוסט און גלאט אזוי תענוג.
און אזוי שפרינגט מיר שוין דורך אלע גליעדער
די הערליכע וואלפורגעס נאכט.
זי קומט איבערמאָרגען וויעדער
און מען וויים ווארום מען וואכט.

פאוסט.

איז דאס דער אוצר דאָרט אין דער הויך,
וואס איך זעה פון הינטען גלאנצען?

מעפיסטאָפעלעס.

דו קענסט באַלד דערלעבען די פרייד
דאס קעסטעלע פון דאָרט ארויסצונעהמען.
ניט לאַנג האב איך אַהין אריינגעקוקט
און עס איז פול מיט שעהנע לעווענטהאַלערס.

פאַוסט.

קיין שטיקעל ציערונג, קיין איינציגער רינג
דערמיט צו בעשענקען מיין געליעבטע ?

מעפיסטאָפעלעס.

איך האב דאָרט עפּעס געזעהען
ווי א מין שנירעל מיט פערלען.

פאַוסט.

דאס איז גוט ! מיר טהוט עס וועה
ווען איך דאַרף צו איהר געהען אָהן מתנות.
מעפיסטאָפעלעס.
עס דאַרף אייך גאָר ניט פערדריעסען
אומזיסט פערגניגען צו געניעסען.
יעצט אזוי ווי דער הימעל גליהט פול מיט שטערען,
וועט איהר הערען א וואהרעם קונסטשטיק ;
איך וועל איהר זינגען אַ מאָראַליש ליעד
אום זי בעסער אריינצונאַרען.

(זינגט צו א גיטאַר.)

וואס מאַכסטו דאָרט
פאַר'ן געליעבטען'ס טהיר,
אָה, קאַטהערינאַ,
פאַר זונען-אויפגאַנג ?
לאָז עס בעסער זיין !

ער לאָזט דיך אריין,
אלס מיידעל אריין,
אבער ניט אלס מיידעל צוריק.
גיט נאָר אכטונג!
איז עס פאראיבער,
דיין גוטע נאכט
איהר ארעמע, ארעמע קינדער!
האט איהר אייך ליעב,
האט חתונה,
טהוט נאָר ניט צוליעב
בלויז מיט דעם רינג אויפ׳ן פינגער.

**וואלענטין** (ערשיינט).

ווענען רופסטו? ווער זייט איהר עס
דאָרט פאר א לומפען-געזינדעל?
צום טייוועל צו ערשט מיט דער גיטאר
און דערנאָך צום טייוועל מיט׳ן זינגער!

**מעפיסטאָפעלעס.**

ארעמע גיטאר! צובראָכען איז זי אין צווייען.

**וואלענטין.**

איצטער וועט אויך אזוי זיין מיט דיין קאָפ!

**מעפיסטאָפעלעס** (צו פאוסט).

הערר דאָקטאָר! שטעהט נאָר אויפ׳ן פלאטץ,
אָט דאָ נעבען מיר, איך פיהר אייך!
נעהמט ארויס אייער פלעדערוויש!
שטעכט נאָר אריין, איך וועל פארירען!

**וואלענטין.**

דאָן פאריר דאס!

מעפיסטאָפעלעס.

פאר וואס ניט ?

וואלענטין.

אויך דאס !

מעפיסטאָפעלעס.

געוויס !

וואלענטין.

איך גלויב דער טייוועל קעמפפט פאר דיר !
וואס איז דאס ? מיין האנד איז געלעהמט !

מעפיסטאָפעלעס (צו פאוסט).

שטעכט נאָר אריין !

וואלענטין (פאלט).

אָה וועה !

מעפיסטאָפעלעס.

איצט איז שוין דער חברה־מאַן געצעהמט.
אבער מען מוז באלד פון דאנען פערשווינדען ;
אָט וועט מען אָנהייבען צו שרייען „מערדער !"
מיט דער פּאָליציי ווייס איך שוין וואס צו טהון,
אבער מיט דעם בלוט־געשריי איז אַן אנדערע זאַך.

מארטהע (ביים פענסטער).

ארויס ! ארויס !

מארגארעטע (ביים פענסטער).

ברענגט א ליכט !

מארטהע (ווי אויבען).

מען שלאגט זיך און מען הרג'עט זיך און מען שרייט !

פאָלק.

דאָ ליעגט שוין איינער טויט.

מאַרטהע (ארויסקומענדיג).

וואו זיינען די מערדער ? ענטלאָפען ?

מאַרגאַרעטע (ארויסקומענדיג).

ווער ליעגט דאָ ?

פאָלק.

דיין מוטער'ס זוהן.

מאַרגאַרעטע.

אַלמעכטיגער גאָט, וואס פאר אן אונגליק !

וואַלענטין.

איך שטארב, דאס איז באלד געזאגט
און שנעלער איז עס געטהון.
וואס שטעהט איהר, וויבער, שרייט און וויינט ?
קומט בעסער אהער און הערט מיך אויס.

(אַלע רינגלען איהם ארום.)

מאַרגאַרעטע, זעה, דו ביסט נאָך יונג,
דו ביסט אבער גאָר ניט קלוג גענוג,
טהוסט דיינע זאכען זעהר שלעכט.
איך זאג דיר עס צווישען מיר און דיר,
דו ביסט דאָך שוין איינמאָל א הור ;
דאַן טהו עס וועניגסטענס ווי מען בעדארף.

מאַרגאַרעטע.

מיין ברודער ! גאָט, וואס איז דאס ?

## וואלענטין.

לאָז בעסער גאָט ארוים פון דיעזען שפּאַס.
וואס עס איז געשעהען, איז פערפאַלען,
און ווי עס קען געהען, אזוי ווערט עס געהען.
דו פאַנגסט אָן מיט איינעם אין דער שטיל,
באַלד קומען נאָך מעהר פון זיי צו.
און ווען א טוץ האט דיך שוין געהאט,
האט דיך שוין אויך די גאַנצע שטאָדט.

ווען די שאַנדע ווערט נאָר געבוירען
ווערט זי בסוד געבראַכט אויף דער וועלט,
מען ציהט דעם שלייער פון דער נאַכט
איבער איהר קאָפּ און אויערן.
יא, מען וואָלט זי וועלען ערמאָרדען,
וואַקסט זי אבער און ווערט גרויס,
דאַן געהט זי אויך ביי טאג ארויס
און איז גאָר ניט שעהנער געוואָרען.
וואס מיאוס'ער זי ווערט אויפ'ן פּנים,
אַלץ מעהר זוכט זי דאס ליכט פון טאג.

איך זעה איצטער שוין די צייט,
ווען אַלע עהרליכע בעלי־בתים
וועלען פון דיר אויסווייכען
פּונקט ווי פון א שטיק נבלה.
דיר זאָל דאס הארץ און לייב פערצווייפלען
ווען זיי וועלען דיר אין די אויגען קוקען.
זאָלסט קיין גאָלדענע קייט מעהר ניט טראגען!
אין דער קירכע זאָלסטו ביים מזבח ניט שטעהען!
אין א שעהנעם געשטריקטען קאָלנער
שטאָלץ זאָלסטו מעהר צום טאנץ ניט געהען!
אין די פינסטערע, טרויעריגע ווינקלען
אונטער בעטלער און קאַליקעם דיך בעהאַלטען,
און ווען אפילו גאָט וועט דיר מוחל זיין
זאָלסטו זיין פערשאָלטען אויף דער ערד!

מארטהע.

גיט בעסער איבער גאָט אייער נשמה!
ווילט איהר נאָך איצטער אויף זינדיגען?

וואלענטין.

וואָלט איך נאָר געקענט אויף דיר די האנד לעגען
דו שעדליכע און אבשייליכע מעקלערין!
דאַן וואָלט איך שוין פון אלע מיינע זינד
לויז געוואָרען אין דיעזער שטונדע.

מארגארעטע.

מיין ברודער! וואס פאר א שמערץ!

וואלענטין.

איך זאג דיר, הער אויף צו וויינען!
אזוי ווי דו האסט דיך אבגעזאגט פון דער עהרע
האסטו מיר דורכגעשטאָכען מיין הארץ.
דורך דעם טויטעס־שלאָף געה איך יעצט
אוועק צו גאָט אלס סאָלדאט און בראווער מענש.

(שטארבט.)



# קאַטהעדראַלע.

---

## אמט, אָרגעל און געזאַנג.

מאַרגאַרעטע צווישען פיעלע מענשען. בייזער גייסט הינטער מאַרגאַרעטען.

### בייזער גייסט.

ווי אַנדערש, מאַרגאַרעטע,איז געווען
ווען דו נאָך פול מיט אונשולד
ביסטו דאָ צום מזבח געקומען
און פון דעם קליינעם ביכעל
געלעזען תפילות,
האַלב קינדערשפּיעל
און האַלב גאָט אין הארצען!
מאַרגאַרעטע!
וואס טראַכסטו?
וואס פאר מיאוס'ע מעשים
ליערן אין דיין הארצען?
בעטסטו פאר דיין מאַמע'ס נשמה, וועלכע
איז איינגעשלאָפען דורך גרויסען, לאַנגען פּיין?
וואס פאר בלוט איז אויף דיין שוועל?
— און אונטער דיין הארצען
רעגט זיך עס ניט שוין?
און שמערצט דיך און זיך
מיט א פּראָפעצייהענדע געגענוואַרט?

מארגארעטע.

וועה! וועה!
וואָלט איך נאָר פּטור געוואָרען פון די געדאנקען,
וואס געהען מיר אריבער און אריבער
אלץ געגען מיר!

כאָר.

Dies irea, Dies illa,
Solvent sacclum in favila.

(אָרגעל־קלאנג.)

בייזער גייסט.

שרעקען פאקט דיך
ווען דער טראָמפּעט קלינגט!
די קברים ציטערן
און דיין הארץ
רוהיג אין אש
צו פלאמען יסורים
איבער א נייעס
ווערט לעבעדיג!

מארגארעטע.

וואָלט איך דאָ ניט געוועזן!
מיר איז גלייך ווי דער אָרגעל
פערשטיקט מיר מיין אטהעם
און דאס געזאנג
צושמעלצט מיין הארץ.

כאָר.

Juden ergo cumsedebit,
Quidquid latit adparebit,
Nil inultum remanebit.

מארגארעטע.

מיר ווערט אזוי ענג!
די זיילען פון די ווענט
פערשפּארען מיך!
די רונדע סטעליע
צודריקט מיך — לופט!

בייזער גייסט.

ווילסט דיך בעהאלטען? זינד און שאנדע
בלייבען ניט בעהאלטען!
לופט? ליכט?
וועה דיר!

כאָר.

Quid sum miser tunc dicturus,
Quem patronum regaturus,
Cum vin justus sit securus!

בייזער גייסט.

די הייליגע װענדען
זייערע פּנים'ער פון דיר אָב!
שוידער װען די ריינע
שטרעקען אוים די הענד צו דיר!
וועה!

כאָר.

Quid sum miser tunc dicturus?

מארגארעטע.

שכנה! גיט מיר אייער פלעשעל —

(חלש'ט.)

# וואלפורגיס נאכט.

---

## הארצגעבערג.

גענענד פון שורקע און עלענד.

פאוסט און מעפיסטאפעלעס.

### מעפיסטאפעלעס.

פערלאנגסטו ניט אפילו א הענטעל פון א בעזים?
איך וואלט כאטש וועלען רייטען אויף א ווילדען באק.
מיט דיעזען וועג זיינען מיר נאך ווייט פון ציעל.

### פאוסט.

כל־זמן איך פיהל מיך נאך שטארק אויף מיינע פיס,
איז מיר גענוג אט דיעזער גראבער שטעקען.
וואס העלפט עס ווען מען פערקירצט דעם וועג?
צווישען די טיעפענישען פון די טהאלען דורכצוקריכען,
דאן די פעלזען צו בעשטייגען,
פון וואנען דער קוואל אייביג גיסט זיך,
דאס איז די לוסט, וואס פארפומירט אזעלכע וועגען!
דער פריהלינג וועבט זיך שוין צווישען די בוימער,
אפילו דער דעמב פיהלט איהם שוין;
זאל ער ניט ווירקען אויך אויף אונזערע גליעדער?

## מעפיסטאָפעלעס.

ניט א האאר שפּיר איך דערפון!
מיר איז עס גאָר ווינטעריג אין לייב;
איך וויל שנעע און פראָסט אויף מיין וועג.
ווי טרויעריג עס שטייגט אויף די ניט־גלייכע שויב
פון דער רויטער לבנה מיט פערשפּעטיגטער גלוטה.
און לייכט אזוי שלעכט, אז מען קען ביי יעדען שריט
פאר יעדען בוים זיך פערטשעפּען אן א פעלזען!
ערלויב מיר בעסער צו רופען אן אירדליכט!
דאָרט זעה איך איינס, וואס ברענט אזוי לוסטיג.
העי דאָרט! מיין פריינד! מעג איך דיך בעטען?
וואס פלאקערסטו דאָרט אזוי אומזיסט?
זיי אזוי גוט און לייכט אונז דאָ ארויף!

## אירדליכט.

אוים עהרפורכט האָף איך זאָל עס מיר געלינגען
מיין לייכטע נאַטור צו צווינגען;
נאָר אהין־און־אהער געהט גאָר אונזער לויף.

## מעפיסטאָפעלעס.

הע! הע! ער וויל גאָר מענשען נאָכקרימען,
נאָר יעצט, אין טייוועל'ס נאמען, געה גראד!
זאָנסט בלאָז איך דיר אוים דיין פלאקער־לעבען.

## אירדליכט.

איך מערק מיר, אז איהר זייט הפּנים דער בעל־הבית,
און וועל אייך גערן מאכען בעקוועם.
דאָך זעהט! דער בארג איז היינט משוגע פערצויבערט,
און ווען אן אירדליכט וויל אייך ווייזען דעם וועג,
דארפט איהר עס שטארק גענוי ניט נעהמען.

## פאוסט, מעפיסטאָפעלעס, אירליכט

(זינגען אבוועקסלענד).

דורך דיעזען טרוים אין צויבער־ספערע
זיינען מיר, הפּנים, אריינגעאנגגען.
פיהר אונז ארויס פון דיין כבוד־וועגען
כדי מיר זאָלען קענען ווייטער געהען
אין די ברייטע, ווייטע וויסטעגישען.

---

זעה ווי בוימער הינטער בוימער
ווי זיי שנעל פאראיבער שוועבען,
און די שטיינער ווי זיי בייגען זיך
און די לאנגע פעלזען־נעזער
ווי זיי שנאָרכען, ווי זיי בלאָזען!

---

דורך די גראָזען, דורך די שטיינער
לויפט דער טייך און טייכעלע ארונטער
הער איך רוישען? הער איך ליעדער?
הער איך א זיסע ליעבעס־קלאג?
זיינען דאס הימלישע שטימען?
וואס מיר האָפען, וואס מיר ליעבען?
ווי דער וויעדער־קול, ווי די לעגענדע
פון אלטע צייטען, קלינגט אָב צוריק.

---

אוהו! אוהו! קלינגט עס נעהנטער;
סאָווע, סטיגלעץ און זינגעריל,
זיינען זיי אלע וואך געבליעבען?
זיינען דאס סאלאמאנדערס דאָרטען?
און די וואורצלען ווי די שלאנגען
קריכען דורך שטיין און זאמד,
שטרעקען ארויס וואונדערליכע בענדער
אונז צו שרעקען, אונז צו פאנגען!
אויס בעלעבטע טרוקענע ווינקלען

שטרעקען זיי ארויס פאָליפען־צייהנער
נאָך דעם וואנדרער. און די מייז,
טויזענד־פארביגע, מחנות־ווייז
דורך די גראָזען לויפען זיי!
און די פונקען־ווערעם פליהען,
ווי פערווילדעטע בעגלייטער
דאָ און דאָרט איבער אונזער וועג.

---

אבער זאג מיר אויב מיר שטעהען
אדער מיר האלטען אין ווייטער געהען?
אלעס, אלעס שיינט צו דרעהען,
פעלז און בוים מאכען ווילדע
גרימאסען און די איררען־ליכטער
פערמעהרען זיך און צופליהען.

## מעפיסטאָפעלעס.

האלט דיך נאָר אָן אָן מיר!
דאָ איז א טיעפער מיטעל־אבגרונד,
וואוהין מען קען קוקען מיט ערשטוינען
ווי מאמאָן אין בארג גליהט.

## פאוסט.

ווי מערקווירדיג עס פלאמט דורך די תהומות
א מאָרגען־רויטהליכער טריבער שיין!
און ביז ארונטער גאנץ טיעף
גיסט זיך עס אריין אין אבגרונד.
דאָ שטייגט ארויס א דאמפף, דאָרט וואָלקען,
דאָ לייכטעט גלוטה און פארע,
דאן געהט זי ווי א צארטער פאָדעם,
דאן ברעכט זי אויס ווי א קוואל.
דאָ שלענגעלט זי זיך א גאנצע שטרעקע
מיט הונדערט אָדערן דורך'ן טהאל,

און דאָ אין צונויפגעקוועטשטען עק
פעראייניגט זי זיך אויף איינמאָל.
דאָ פליהען פינקען אין דער נאָהענט,
ווי אויסגעשאָטענער גאָלדענער זאמד,
דאָך זעהט, אין איהר גאנצער הויכקייט
צינדט זיך אָן די פעלזען־וואנד.

מעפיסטאָפעלעס.

האט ניט מאמאָן פאר דיעזער סעודה
פרעכטיג בעלייכטעט דעם פאלאץ?
א גליק וואס דו האסט עס געזעהען.
איך פיהל שויז די שטירמישע געסט.

פאוסט.

ווי ווילד דער שטורם וויטהעט דאָ?
מיט וואס פאר א קלעפ ער טרעפט דאס מיין נאקען!

מעפיסטאָפעלעס.

כאפ דיך אָן ביי די אלטע פעלזען־ריפען;
ווען ניט שליידערט זי דיך ארונטער אין דיעזען קבר.
א נעבעל פערפינסטערט די נאכט.
הער נאָר ווי עס קראכט דורך די וועלדער.
דערשראָקען פליהען דאָרט די סאָוועס.
הער! עס פלאצען די זיילען
פון אייביג־גרינע פאלאצען.
עס קראכען און ברעכען די בוימער,
די וואָרצלען, הער, ווי זיי קרעכצען!
אין א מיש־מאש איינער איבער אנאנדער
פאלען זיי און ווערען צושמעטערט
דורך די פירכטערליכע תהומות!
הערסטו די שטימען אין דער הויך?
אין דער ווייט, אין דער נאָהענט?

יא, איבער גאַנצער לענג פון בארג
שטרעמט אַ וויטהענדער צויבער־געזאַנג.

### מכשפות אין כאָר.

די מכשפות געהען צום בראָקען,
די גאַרבען זיינען געל, דער קאָרן איז גרין,
דאָרט זאַמעלט זיך דער גרויסער הויף,
הערר אוריאַן זיטצט אויבען־אָן.
אזוי געהט עס איבער שטיין און שטאָק,
עס פאַהרט די מכשפה, עס טאַנצט דער באָק.

### שטימע.

די אַלטע באובאָ קומט צוגעהען,
זי רייט אויף אַ חזיר'טע!

### כאָר.

דאַן עהרט דעם, וואס פערדיענט עהרע,
מאַדאַם באובאָ איז דאָ, ברוך הבא!
אַ גוטע חזיר'טע, אַ מוטער זיטצט אויף איהר
און עס קומט אויך נאָך דאס גאַנצע געזינדעל.

### שטימע.

וועלכען וועג קומסטו אהער?

### שטימע.

איבער'ן ווילזענשטיין!
דאָ האב איך דער סאָווע אין דער נעסט אריינגעקוקט,
און זי האט ארויסגעשטעלט אַ פּאאר אויגען!

### שטימע.

געה צום טייוועל!
וואס פּאַטשטו אזוי שנעל?

שטימע.

זי האט מיך געשונדען ;
זעה נאָר דאָ די וואונדען !

מכשפה כאָר.

דער וועג איז ברייט, דער וועג איז לאַנג,
וואס איז דאס פאר א פערריקטע שטופעניש ?
דער גאָפּעל שטעכט, דער בעזים קראצט,
דאס קינד דערשטיקט, די מוטער פּלאצט.

מכשף (האלבער כאָר).

מיר קריכען אריין אין הויז ווי די שנעקען,
אלע ווייבער געהען פאראוים.
און ווען מיר געהען צום טייוועל'ס הויז,
מאכט דאס ווייב טויזענד שריט פאראוים.

אנדערע העלפט.

מיר קוקען ניט דארויף אקוראט אזוי ;
די ווייבער מעגען עס טהון מיט טויזענד שריט.
דאָך ווי גיך זיי קענען אהין לויפען,
מיט איין שריט מאכט עס דער מאַן.

שטימע (פון אויבען).

קומט מיט ! קומט מיט אונז פון פעלזענזעע !

שטימען (פון אונטען).

מיר וואָלטען וועלען געהען ארויף אין דער הויך,
מיר וואשען זיך און מיר זיינען זעהר ריין,
דאָך עקרות מוזען מיר פערבלייבען.

ביידע כאָרען.

עס שוויינט דער ווינד, עס גליהט דער שטערן,

די בלאַסע לבנה בעהאַלט זיך דאָרט.
אין שטורם צופליהט זיך דער צויבער־כאָר
אין פיעלע טויזענדער פונקען.

שטימע (פון אונטען).

האַלט! וואַרט!

שטימע (פון אויבען).

ווער רופט פון דעם פעלזען־שפּאַלט?

שטימע (פון אונטען).

נעהמט מיך מיט! נעהמט מיך מיט!
איך קריך שוין אומזיסט דריי הונדערט יאהר
און קען דעם שפּיטץ ניט דערגרייכען.
איך וויל קומען צו די מייניגע.

ביידע כאָרען.

עס טראָגט זיך דער בעזים, עס טראָגט זיך דער שטעקען,
דער גאָפּעל טראָגט זיך, און אויך דער באָק.
ווער עס קען זיך היינט אויך ניט אויפהייבען,
איז טאַקי פערלוירען אויף אייביג.

האַלב־מכשפה (אונטען).

איך שפּרינג נאָך, שוין א לאַנגע צייט;
ווי ווייט די אַנדערע זיינען אַוועק!
איך האָב צו הויז ניט קיין רוה
און דאָ ווערט אויך גאָר ניט דערפון.

מכשפות כאָר.

זאַלב גיט די מכשפות מוטה,
א שמאַטע איז אויך גוט פאַר א זעגעל.
א גוטע שיף איז יעדע מולטער;
ווער עס פליהט היינט ניט, פליהט קיינמאָל ניט.

###ביידע כאָרען.

און ווען מיר דערגרייכען דעם שפּיטץ,
דאַן לאָזט זיך דאָרטען ארונטער;
און דעקט צו די לאַנקע פון אלע זייטען
מיט א גרויסער מאסע בישוף.

(זיי לאָזען זיך ארונטער.)

### מעפיסטאָפעלעס.

זיי דרענגען און שטויסען, זיי גליטשען זיך און פלאפּלען!
עס יאגט און שטורמט, עס ציהט און קלאפּט!
עס לייכט, גלאנצט, און שטינקט און ברענט!
עס איז אן אמת'ער בישוף־עלעמענט!
נאָר האלט דיך נעבען מיר, זאָנסט טהיילסטו זיך אָב.
וואו ביסטו?

פאוסט (פון דער ווייטען).

דאָ!

### מעפיסטאָפעלעס.

וואס! שוין אזוי ווייט אוועקגעטראגען?
אויב אזוי וועל איך מוזען געברויכען מיין רעכט אלס בעל־הבית.
מאכט פּלאטץ, דער הערר פאָלאנד קומט! מאכט פּלאטץ!
דאָ, דאָקטאָר, נעהמט מיך אָן! און יעצט, מיט אמאָל,
לאָמיר פון דעם געדרענג ארויס!
עס איז צו פערריקט אפילו פאר אזוינעם ווי איך.
דאָרט דערנעבען לייכט עפּס מיט א מערקווירדיגען שיין,
מיך ציהט עס גאָר אזש אהין.
קום, קום ,מיר וועלען זיך אהין ארייננגליטשען.

### פאוסט.

דו גייסט פון ווידערשפּרוכען! פיהר מיך און איך געה!
איך דענק דאָך, אז דאס איז געווען א גוט שטיקעל ארבייט.

צום בראקען וואנדערן מיר אין דער וואלפורגיס־נאכט,
אום מיט אונזער אייגענעם ווילען זיך אבצוזונדערן.

מעפיסטאפעלעס.

זעה נאר, וואס פאר א שעהנע פלאמען!
א פרעהליכער קלוב פערזאמעלט זיך,
און אין פרעהליכער קאמפאניע איז מען ניט אליין.

פאוסט.

דאך וואלט איך בעסער וועלען זיין אויבען.
איך זעה שוין פייער און א דרעהענדיגען רויך.
דארט לויפט די מעננע צו דעם מלאך־רע;
פיעלע רעטענעשען וועלען דארט געלעזט ווערען.

מעפיסטאפעלעס.

און מאנכער רעטענעש ווערט אויך פערקניפט.
זאל זיך נאר די גרויסע וועלט רעש'ן,
און מיר וועלען זיך דא אין שטילען אברוהען.
עס איז שוין אן אלטע בעקאנטע געשיכטע,
אז אין דער גרויסער וועלט מאכט מען קליינע.
דאך זעה איך יונגע מכשפות נאקעט און בלויז,
און אלטע, וועלכע פערהילען זיך גאר.
זייט פריינדליך, צוליעב מיר, איך בעט אייך!
די מיה איז קליין, אבער גרויס איז דער שפאס.
איך הער שוין עפעס פון אינסטרומענטען קלינגען.
פערפלוכטער געפילדער! מען מוז זיך אבער געוואהנען.
קום אריין! קום אריין! עס קען ניט אנדערש זיין,
איך טרעט אריין און פיהר דיך מיט.
איך מאך דיך אויפס נייע מיר דאנקבאר.
וואס זאגסטו, פריינד? דאס איז קיין קליינער פלאטץ.
קוק נאר אריין! דו זעהסט דארט קוים א סוף.

הונדערט פייערן ברענען אין דער רייהע.
מען טאנצט, מען פלוידערט, מען קאכט, מען טרינקט און
מען ליעבט.
איצט זאג מיר, וואו עס איז דא נאך עפּעס בעסערעס?

פאוסט.

וואס וועסטו דא טהון, וועסטו דיך
אלס טייוועל אדער אלס מכשף פארשטעלען?

מעפיסטאפעלעס.

איך בין אפילו געוואהנט ניט־בעקאנט ארומצוגעהען;
דאך לאזט מען אין א יום־טוב ווייזען די ארדענס.
א זאקענבענדעל צייכענט מיך ניט אויס.
דערפאר אבער איז דא א גרויסער כבוד א פערדען־פוס.
זעהסט דארט דעם שנעק? ער קומט אהער צו קריכען.
מיט זיין פיהלענדעס געזיכט
האט ער שוין פון מיר עפּעס דערשמעקט.
ווען איך זאל אפילו וועלען קען איך מיך ניט פערלייקנען דא.
קום נאר! פון פייער געהען מיר צו פייער;
איך בין דיין פערגניעגען־זוכער און דו ביסט דער העדר.
(צו איינינע וואס זיצען ביי אויסגעהענדע קויהלען.)
איהר אלטע העררען, וואס טהוט איהר דען דארט?
איך וואלט אייך בעסער וועלען האבען דא אין מיטען.
נארטעלט אייך ארום מיט רעש און מיט יוגענד פרייד;
גענוג געזעסען איינער אליין צו הויז.

גענעראל.

ווער זאל עס געטרויען נאציאנען!
מען זאל פאר זיי וויפיעל טהון;
וויל ביים פאלק, פונקט ווי ביי פרויען,
שטעהט אימער די יוגענד אויבען־אן.

## מיניסטער.

יעצט וואנדערן זיי אוועק צו ווייט פון אמת און יושר,
אך, ווי גוט עס זיינען געווען די אלטע צייטען!
ווייל, ווען יעדער האט אונז געריהמט,
דאמאלס זיינען עס געווען גאלדענע צייטען.

## צוגעקומענער.

מיר זיינען ווירקליך ניט געווען דום,
און אפט געטהאן וואס מיר האבען ניט בעדארפט;
דאך יעצט איז אלעס מיט'ן קאפ אראפ
פונקט דאמאלס ווען מיר ווילען זיך פעסט האלטען.

## מעפיסטאפעלעס.

(וועלכער איז פלוצלינג שטארק אלט געווארען.)

צום לעצטען יום־הדין פיהל איך דאס פאלק פארטיג
ווי איך ערשיין צום לעצטען מאל אויף דיעזען כישוף־בארג,
און ווייל פון מיין פעסעל לויפט עס מוטנע,
אזוי איז די וועלט שוין אויך אויף די הייוועז.

## פעדלער־מכשפה.

מיינע הערען, געהט ניט אזוי פארביי!
לאזט די געלעגענהייט ניט אוועק!
אויפמערקזאם בליקט אויף מיין סחורה,
דא געפינט זיך פערשיעדענעס.
עס איז ניטא אין מיין קלייטעל
וואס האט ניט עפעס א גרויסען שאדען
אויף מענשען און וועלט געבראכט.
דא איז ניטא קיין קינזשאל, פון וועלכען קיין בלוט האט
געפלאסען,
קיין בעכער, פון וואנען סם המות האט זיך ניט געגאסען,

קיין ציערונג, וואס האט ניט עפּעס א ליעבענסווירדיגע פרוי
פערפיהרט. קיין וואפען, וואס האט קיין בונד געבראכען,
אָדער הינטערוויילעכס איינעם דערשטאָכען.

מעפיסטאָפעלעס.

מוהמעניו! איהר פערשטעהט ניט היינטיגע צייטען.
געשעהען, געטהאָן, פאראיבער וואס געווען!
גיט אונז עפּעס נייאיגקייטען.
דאס איז צו אַן אַלטע סחורה!

פאוסט.

אויב דיעזע ווילדע סצענע וועט מיך ניט משוגע מאכען,
רוף איך עס דאָך אַן אַן אמת'ער יריד!

מעפיסטאָפעלעס.

דער גאַנצער שטראָם געהט בלויז ארויף;
דו מיינסט, אז דו שטופּסט אנדערע און ווערסט געדרענגט.

פאוסט.

ווער איז דען דאס?

מעפיסטאָפעלעס.

בעטראכט זי נאָר גוט.
לילית איז דאס.

פאוסט.

ווער?

מעפיסטאָפעלעס.

אדם'ס ערשטע פרוי.
היט דיך פאר איהרע שעהנע האאר,

פאר דיעזען ציערונג, וואס האט קיין גלייכען.
ווען זי כאפט דערמיט דעם יונגען מאן,
לאזט זי איהם שוין מעהר ניט לויז ווערען.

### פאוסט.

דארט זיטצען צוויי, אן אלטע און א יונגע.
זיי האבען שוין געטאנצט און געשפרונגען.

### מעפיסטאפעלעס.

היינט איז דא קיין רוה ניטא,
אן אנדערער טאנץ פאנגט אן, קום, לאמיר אויך!

### פאוסט (טאנצענדיג מיט דער יונגע).

אמאל האב איך געהאט א שעהנעם חלום;
איך האב געזעהען אן עפעל־בוים.
צוויי שעהנע עפעל האבען דארט געטאנצט,
איך בין ארויף זיי אבצורייסען.

### די שעהנע.

צו עפעל האט איהר שטארק חשק,
די טבע האט איהר נאך פון גן־עדן.
פון פריידען פיהל איך מיך בעוועגט,
ווייל מיין גארטען האט אויך אזעלכע עפעל.

### מעפיסטאפעלעס (מיט דער אלטער).

אמאל האב איך געהאט א וויסטען חלום;
איך האב געזעהען א געשפאלטענעם בוים,
ער האט געהאט א — — — ;
אזוי — איז עס געווען, מיר איז עס געפעלען דאך.

די אלטע.

איך גיב מיין בעסטען גרוס,
דעם ריטער מיט'ן פערדען־פוס.
זאָל ער נאָר האַלטען א — פארטיג דערמיט,
ווען ער — — — קיין מורא ניט.

פראָקטאָפאנטאסמיסט.

פערפלוכטעס געזינדעל! ווי וואגט איהר דאס?
האט מען אייך שוין לאנג ניט בעוויעזען,
אז א גייסט שטעהט ניט אויף געוועהנליכע פיס?
איצט טאנצט איהר נאָר, גלייך ווי מיר מענשען!

די שעהנע (טאנצענדיג).

וואס וויל ער אויף אונזער באלל?

פאַוסט (טאנצענדיג).

אָה! ער איז גראדע איבעראל.
ער מוז אָבשאטצען וואס אנדערע טאנצען.
אויב ער קען נאָר ניט חוזק מאכען פון יעדען שריט,
אזוי איז דאס גאָר קיין שריט ניט.
איבערהויפט ערגערט איהם ווען מיר געהען פאָרווערטס.
ווען איהר זאָלט זיך נאָר וועלען דרעהען ארום
ווי ער טהוט עס אין זיין אלטער מיהל,
דאן וואָלט ער נאָך דערצו מסכים געווען;
איבערהויפט ווען איהר זאָלט איהם וועלען בעגריסען דערצו.

פראָקטאָפאנטאסמיסט.

איהר זייט נאָך אימער דאָ? דאס איז אונערהערט!
פערשווינדעט דאָך, די וועלט איז שוין אויפגעקלערט.
דאס טייוועל געזינדעל, עס פרעגט גאָר ניט נאָך קיין רעגעל,
מיר זיינען אזוי קלוג, און דענאָך בעווייזען זיך שדים אין
טעגעל.

וויפיעל מאָל האב איך שוין אָט דיעזען שווינדעל בעקעמפפט,
און דאָך בלייבט ער דאָ, דאס איז אונערהערט!

די שעהנע.

איך בעט אייך, הערט אונז אויף דאָ צו נודיען.

פּראָקטאָפאנטאסמיסט.

גייסטער, איך זאג עס אייך אין פּנים אריין;
איך וועל מיך פון אייך ניט לאָזען בעהעררשען.
ווייל מיין אייגענער גייסט קען דאס ניט טהון.

(מען טאנצט וויטער.)

היינט זעה איך, וויל מיר גאָר ניט געלינגען,
אבער איך בין דאָך בערייט די רייזע צו מאכען,
און האָף דאָך פאר מיין לעצטען שריט
די טייוולען און די דיכטער צו בעזיעגען.

מעפיסטאָפעלעס.

יעצט וועט ער זיך אויסזוכען עפּעס א בלאָטע.
אָט דאס טהוט ער, ווען ער זוכט טרייסט;
און ווען פּיאַווקעס זעטצען זיך אויף זיין הינטען,
איז ער שוין קורירט פון גייסטער און גייסט.
(צו פאוסט'ן וואס האט אויפגעהערט טאנצען.)
וואס האסטו אָבגעלאָזט דאס שעהנע מיידעל,
וועלכע האט דיר אזוי שעהן צוגעזונגען?

פאוסט.

אָך! אין מיטען פון איהר געזאנג
איז ארויסגעשפּרונגען א רויט מייזעל פון איהר מויל.

מעפיסטאָפעלעס.

נו, וואס איז? צו דעם קוקט מען זיך ניט צו.

עס איז גאַנץ גענוג וואס די מויז איז ניט געווען גרוי.
ווענען קימערט עס ביי אזא פערגניגען?

פאוסט.

דאן האב איך געזעהען —

מעפיסטאָפעלעס.

וואס?

פאוסט.

מעפיסטאָ, זעהסטו דאָרט
א בלאַסעס שעהנעס קינד אליין פון ווייטען שטעהען?
זי רוקט זיך לאַנגזאם נאָר פון אָרט,
זי זעהט אויס צו געהען מיט געשלאָסענע פיס.
איך מוז מודה זיין, אז מיר דאכט,
אז זי זעהט אויס ווי מארגארעטע.

מעפיסטאָפעלעס.

קוק ניט אהין! קיינעם ווערט ניט גוט דערפון.
עס איז א כישוף־בילד, לעבלאָז, א שטיק לופט.
עס ווערט ניט וואויל דאס צו בעגעגענען.
פון פערשטאַרצטען בליק פערשטארצט מענשליכעס בלוט;
פון דער מעדוזע האסטו דאָך געהערט?

פאוסט.

ריכטיג! עס זיינען די אויגען פון א טויטען,
וועלכע זיינען ניט געשלאָסען געוואָרען פון א ליעבענדער האנד,
דאס איז די ברוסט, וואס מארגארעטע האט מיר אָנגעבאָטען,
דאס איז דער זיסער ליב, וואס איך האב גענאָסען.

מעפיסטאָפעלעס.

דאס איז א כישוף, דו נאַר איינער!
יעדען קומט עס פאר פונקט ווי זיין געליעבטע.

## פאוסט.

וואס פאר א גליק! וואס פאר א ליידען!
איך קען מיך ניט שיידען פון דיעזען בליק.
ווי זאנדערבאר מוז דיעזען שעהנעם האלז
פאסען איין־איינציג רויטעס שנירעל
ניט ברייטער ווי א מעסער־רוקען.

## מעפיסטאפעלעס.

ריכטיג, איך זעה עס טאקי אויך,
זי קען דעם קאפ אונטער'ן ארעם טראגען,
ווייל פערזעאוס האט איהם אבגעהאקט.
אבער וואס טויגען פוסטע פאנטאזיען!
קום נאר אריבער דאס בערגעל.
עס איז דארט לוסטיג ווי אין פראטער,
עס זעהט באמת אויס ווי אין א טהעאטער.
וואס איז דען דארט?

## סערוויבילים.

באלד פאנגט מען ווידער אן
א נייעס שטיק, דאס לעצטע שטיק פון זיעבען,
עס איז אזא מנהג אזוי פיעלע דא אויפצופיהרען.
א דילעטאנט האט דאס געשריעבען,
און דילעטאנטען שפיעלען עס אויך.
פערצייהעט, מיינע העררען, ווען איך פערשווינד;
אלס דילעטאנט דארף איך דעם פארהאנג אויפהייבען.

## מעפיסטאפעלעס.

ווען איך וועל אייך געפינען אויפ'ן בלאסבערג,
דאן איז עס גוט, איהר פאסט אהין.



# פאָררעדע.

נאָך „פאוסט„ איז געטהע'ס בעסטעס דראמאטישעס ווערק, „עג־מאָנט.״

עגמאָנט איז א היסטאָרישע פערזאָן און נײנציג פראָצענט פון די פאסירונגען אין דער טראגעדיע, זײנען פאקטען ענטנומען פון דער געשיכטע. „עגמאָנט״ איז אײנע פון די בעסטע מאָדערנע קלאסישע טראגעדיען.

װעהרענד „פאוסט״ האט זײן אײגענעם גרויסען ליטעראַרישען װערטה, װעהרענד „פאוסט״ שטעהט אלײן אין זײן ברילּיאנטענער גרויסקײט, האט „עגמאָנט״ פיעל, פיעל מעהר מעלות: „עגמאָנט״ איז א געוואלטיגע רעאליסטישע דראמא.

אין דער צײט װען געטהע האט געשריעבען דיעזעס װערק, זײנען נאָך ניט געװעזן בעקאנט די מאָדערנע שוהלען פון רעאליזמוס און נא־טוראליזמוס. אבער געטהע האט עס ניט בעדארפט; ער האט געשריע־בען זײן װערק „עגמאָנט״ אזוי געטרײ צום לעבען און זײנע פאסירונ־גען, אז די מאָדערנע אויסגעשפּראָכענע רעאליסטען װאָלטען נאָך גע־מעגט קומען בײ איהם עפּעס לערנען איבער בילדער טרײ צום לעבען.

אויסער דעם האט געטהע בעװיעזען, אז מען קען שאפען אזא גרויסעס װערק און ניט זײן װאולגאַר אדער גראב. „עגמאָנט״ איז א װאונדערבארעס רײנעס װערק פון אָנפאנג ביז צו זײן דיהרענדער ענדע. עס איז די נאָבעלע שעפּפונג פון א מײסטער, און ריכטיג האט בעמערקט א דײטשער קריטיקער, „װער עס האט ניט געלעזען „עג־מאָנט״, האט קײן רעכט צו בעהױפּטען, אז ער װײס פון דער מאָ־דערנער קלאסישער דראמא.״

**דער איבערזעטצער.**

# פערזאָנען:

מארגארעטע פון פארמא, קארל דעם פינפטען'ס טאָכטער, און רעגענטין פון ניעדערלאַנד.
גראף עגמאָנט, פרינץ פון גאורע.
ווילהעלם פון אָראניען.
הערצאָג פון אלבא.
פערדינאנד, זיין נאַטירליכער זוהן.
מאַכיאוועלל, אין דיענסט ביי דער רעגענטין.
ריכארד, עגמאָנט'ס געהיים־סעקרעטער.
סילווא, } אין דיענסט ביי אלבא.
גאָמעז, }
קלארא, עגמאָנט'ס געליעבטע.
איהר מוטער.
בראקענבורג, א בירגער'ס א זוהן.
זאָגסט, א סוחר, }
יעטטער, א שניידער, } בירגער פון בריסעל.
סטאָליאר, }
זייפענמאכער, }
בויק, סאָלדאַט אונטער עגמאָנט.
רויזום, קראנק און טויב.
וואנזען, א שרייבער.
פאָלק, בעגלייטער, וואך, א. ז. וו.
האנדלונג קוממט פאר אין בריססעל.

# בויגען־שיסען.

## סאָלדאַטען און בירגער מיט ארמברוסטען.

יעטטער, בירגער פון בריססעל, שניידער, טרעט פאָר און שפּאנט די ארמברוסט. זאָגסט, בירגער פון בריססעל, סוחר.

### זאָגסט.

נו, שיעסט שוין אמאָל און מאכט אסוף! איהר וועט איבער מיר ניט זיעגען, דריי שווארצע רינגען, איהר זעהט? אזוי האט איהר נאָך קיינמאָל ניט געשאָסען. דערפאר פערבלייב איך דער מייסטער היינטיגעם יאהר.

### יעטטער.

מייסטער און קעניג דערצו. ווער פערגיננט עס אייך ניט? דערפאר זאָלט איהר אויך דאָפּעלט בעצאהלען פאר דער משקה; איהר זאָלט בעצאהלען פאר אייער קונסטשטיק.

(בויק, א האָלענדער, סאָלדאט אונטער עגמאָנט.)

### בויק.

יעטטער, איך וועל אָבקויפען דעם שאָס, צוטהיילען דעם פּרייז און טראקטירען די געזעלשאפט. איך בין שוין דאָ אזוי לאנג, אז איך בין פיעל שולדיג פאר העפליכקייט. אויב איך פעהל, דאן זאָל עס זיין גלייך ווי איהר האט געשאָסען.

זאָגסט.

איך וואָלט בעדאַרפט האבען א דעה; ווייל באמת פערליר איך דערביי. פון דעסטוועגען, בויק, שיס!

(בויק שיסט.)

יעצט, קאַרפּאָראַל, גיט אכטונג! — איינס! צוויי! דריי! פיער!

זאָגסט.

פיער רינגען! יא, אזוי איז עס!

אללע.

הורראַ! לאַנג לעבען זאָל דער קעניג! הורראַ! הורראַ!

בויק.

איך דאַנק אייך, מיינע הערען. מייסטער איז אויך געוועזען צו פיעל. איך דאַנק אייך פאַר דער עהרע.

יעטטער.

דערפאַר דאַרפט איהר זיך אליין דאַנקען.

רויזום (קראַנק און טויב).

לאָמיך אייך זאגען!

זאָגסט.

וואס איז נייעס, אלטער?

רויזום.

אז ער שיסט אזוי ווי זיין הערר, ווי עגמאָנט.

בויק.

נעגען איהם קען איך גאָר ניט. מיט דער ביקס טרעפט ער ווי קיין אַנדערער מענש אין דער וועלט. ביי איהם הייסט עס ניט גליק אדער זיין אויפגעלעגט, נאָר אזוי ווי ער ציעלט, אזוי טרעפט ער. גע־

לערענט האב איך פון איהם. א שעהן פנים וואָלט מען געהאט ביי איהם צו דיענען און דאס ניט אויסלערנען. פערגעסט ניט, מיינע הער־רען, אז א קעניג ערנעהרט זיינע מענשען. אויפ׳ן קעניג׳ס חשבון, גיט ויין!

יעטטער.

מיר האבען בעשלאָסען, אז יעדער —

בויק.

איך בין א פרעמדער און א קעניג און איך אכטע ניט אייערע געזעטצע.

יעטטער.

דו ביסט דאָך ערגער ווי דער שפּאניער, ער האט זיך ביז אהער ניט אריינגעמישט אין אונזערע מנהגים.

רויזום.

וואס?

זאָגסט (הויך).

ער וויל אונז טראקטירען; ער וויל ניט, אז מיר זאָלען זיך צו־זאמענלעגען, און דער קעניג זאָל נאָר פאר זיך בעצאהלען דאָפּעלט.

רויזום.

לאָזט איהם טהון וואס ער וויל! אזא טבע האט אויך זיין הערר, אימער גאלאנט; פאר יעדער גוטער זאך לאָזט ער זיין געלד געהען.

(וויין איז געבראכט געוואָרען.)

אללע.

לעבען זאָל די מאיעסטעט! הוררא!

יעטטער (צו בויק).

עס פערשטעהט זיך, אז מען מיינט אייער מאיעסטעט.

בויק.

איך דאנק אייך פון טיעפען הארצען, ווען עס איז אזוי.

זאָגסט.

געוויס! וויל צו דער געזונדהייט פון אונזער שפּאנישער מאַ־יעסטעט טרינקט ניט גרינג פון הארצען א ניעדערלענדער.

רויזום.

וער?

זאָגסט.

פיליפּ דער צווייטער, קעניג פון שפּאניען.

רויזום.

אונזער אללגנעדיגסטער קעניג און הערר! גאָט זאָל איהם געבען לאנגעם לעבען!

זאָגסט.

האט איהר ניט ליעבער זיין פאטער, קארל דעם פינפטען?

רויזום.

גאָט זאָל איהם בענשען! דאס איז געוועזן א הערר! ער האט גע־האט די האנד איבער דער גאנצער ערד, ער איז געוועזן אלעס! און ווען ער האט אייך בעגעגענט, האט ער אייך געגריסט, ווי איין שכן דעם צווייטען. און ווען איהר זייט געוועזן דערשראָקען, האט ער גע־וואוסט ווי אייך צו בערוהיגען. ער איז געגאנגען, געריטען, ווי איהם האט זיך געגלוסט, בעגלייט פון וועניג מענשען. מיר האבען אלע גע־וויינט, ווען ער האט איבערגעגעבען דאס רעגימענט זיין זוהן. איהר פערשטעהט, דער איז שוין א גאנץ אנדערער, מעהר מאַיעסטעטיש.

יעטטער.

ווען ער איז דאָ געוועזן, האט ער זיך ניט געלאָזט זעהען אויסער אין פּרעכטיגער אוניפאָרמע. מענשען זאגען, אז ער רעדט ווי ניג.

זאָגסט.

דאס איז קיין הערר פאר אונז ניעדערלענדער. אונזערע פירסטען מוזען זיין פרעהליך און פריי ווי מיר; לעבען און לאָזען לעבען. מיר ווילען ניט זיין פעראכטעט און אויך ניט געדריקט, כאָטש מיר זיינען גוטהערציגע נאראָנים.

יעטטער.

דער קעניג, גלויב איך, וואָלט געווען א גנעדיגער הערר, ווען ער וואָלט נאָר געהאט בעסערע ראטהגעבער.

זאָגסט.

ניין! ניין! ער ליעבט ניט אונז ניעדערלענדער; זיין הארץ איז ניט געניינט צום פאָלק. ער האט אונז ניט ליעב. ווי אזוי זאָלען מיר איהם ליעבען? פאר וואס ליעבט גראף עגמאָנט די גאנצע וועלט? פאר וואס טראגען מיר איהם אלע אויף די הענד? ווייל, ווען מען גיט א קוק אויף איהם, זעהט מען, אז ער האט אונז גערן. ווייל עס קוקען ארוים פון זיינע אויגען פרעהליכקייט, פרייעס לעבען און די גוטע מיינונג; ווייל ער האט קיין זאך, וואס ער וואָלט דעם נויטהבעדארפטיגען ניט אוועקגעגעבען. לאנג לעבען זאָל גראף עגמאָנט! בויק, איהר מוזט איהם געבען דעם ערשטען וואונש!

בויק.

פון גאנצען הארצען: לאנג לעבע גראף עגמאָנט!

רויזום.

דער זיעגער פון סאנט קווינטיל.

בויק.

דער העלד פון גרינוועלינגען!

אללע.

הורראַ!

## רויזום.

סאַנט קווינטין איז געווען מיין לעצטע שלאַכט. איך האב שוין מעהר ניט געקענט געהען, און קוים געקענט טראגען די שווערע ביקס. איך האב אבער נאָך איינמאָל א פּאאר פראנצויזען אָבגעשמאַליעט, נאָר פאר א נאטיעזנע האב איך געקריעגען א וואונד אין רעכטען פוס.

## בויק.

גראַוועלינגען! פריינדע, דאָרט איז עס צוגעגאנגען פרעהליך! מיר אליין האבען געזיעגט. האבען ניט די פראנצויזישע הינט געברענט און געבראָטען גאנץ פלאנדערן? אבער מיר האבען זיי געטראפען און זיך אָבגערעכענט מיט זיי. די אַלטע, געניטע סאָלדאטען האבען זיך געהאלטען גאנץ בראוו א צייט־לאנג, אבער מיר זיינען געגאנגען פאָרווערטס, געשאָסען, געשטורמט, ביז זיי האבען געמאכט קרומע פּנים'ער און זייערע ליניען זיינען געבראָכען געוואָרען. דאן איז עג־מאָנט'ס פערד געשאָסען געוואָרען אונטער איהם; און א לאנגע צייט האבען מיר געקעמפּפט אין א קופּע, מאן צו מאן, פערד צו פערד, טרופּען צו טרופּען, דאָרט אויף דעם ברייטען, פלאכען זאמד־ים. פּלוצלינג, ווי פון הימעל, איז אָנגעקומען א קאנאָנען־שאָס פון דעם טייך; קראַך, קראַך, פּונקט אין מיטען פון די פראנצויזען. דאס זיינען געווען ענגלענדער, וועלכע, אונטער אדמיראל מאלין, האבען פארביי־געזעגעלט פון דונקירק. עס איז אמת, זיי האבען אונז ניט פיעל גע־האָלפען; זיי האבען נאָר געקענט צוקומען מיט זייערע קלענסטע שיפלעך, און אויך ניט צו נאָהענט; אויסער דעם, זיינען זייערע קוילען אמאָל געפאלען צווישען אונזערע סאָלדאטען. אבער עס האט דאָך גע־טהאָן גוטס! עס האט צובראָכען די פראנצויזישע ליניען און אונז ערמוטהיגט. דערנאָך איז עס געגאנגען, העגדום־פּעגדום, איינער אי־בערן צווייטען, אלע טויט געשלאָגען אדער פעריאגט אין וואסער אריין. זיי זיינען דערטרונקען געוואָרען אזוי שנעל ווי זיי האבען פערזוכט דאס וואסער, וועהרענד מיר האָלענדער זיינען זיי נאכגעלאָפען. זייענדיג אמפיביאָנס, זיינען מיר אין וואסער געווען אין אונזער עלעמענט, פּונקט ווי די זשאבעס, און אזוי האבען מיר געשניטען דעם שונא און איהם ניעדערגעשאָסען גלייך ווי דאָרטען וואָלטען געווען קאטשקעס.

די אייניגע וואס האבען זיך געראטעוועט, זיינען ניעדערגעשלאָגען גע־וואָרען פון די בויערן־פרויען, בעוואפענט מיט הייגאפלען און גראב־ליעם. זיין פראנצויזישע מאיעסטעט האט געמוזט באלד אויסשטרעקען זיין לאפע און שליעסען פריעדען. און פאר דיעזען פריעדען זיינט איהר אונז שולדיג, איהר זייט עס שולדיג דעם גרויסען עגמאָנט.

## אללע.

הורראַ! הורראַ פאר דעם גרויסען עגמאָנט! און נאָך אמאָל הורראַ, און ווידער אמאָל הורראַ!

## יעטטער.

הלואי וואלט מען אונז איהם געגעבען אלס רעגענט אנשטאט מארגארעטע פון פארמאַ.

## זאָגסט.

אָה ניין! וואס אמת איז אמת. מארגארעטען לאָז איך ניט בע־ליידיגען! לאנג לעבען זאָל אונזער גנעדיגע הערשערין!

## אללע.

לאנג לעבען זאָל זי!

## זאָגסט.

עס איז אמת, אז עס געפינען זיך פאָרטרעפליכע פרויען אין דיע־זער פאמיליע. לאנג לעבען זאָל די רעגענטין!

## יעטטער.

קלוג איז זי, און אין אלעמען, וואס זי טהוט, איבערלעגט; ווען זי זאָל נאָר ניט האלטען אזוי שטאָל און אייזען מיט די גלחים. זי איז אויך שולדיג אין דעם, וואס מיר האבען פערציג נייע בישאָף־היטלען אין לאנד. וואס טויגען זיי? איז עס ניט אמת, אז מען זעטצט יעצט אריין פרעמדע אין די גוטע שטעלען, ווען מען פלעגט פריהער אויס־קלייבען גייסטליכע פון די אייגענע קהילות? און מיר דארפען גלויבען,

אז דאס איז אלעס צוליעב דער רעליגיאן. מיר ווייסען בעסער. מיט דריי בישאָפען האבען מיר געהאט די והותר; עס האט זיך געפיהרט גאנץ אנשטענדיג. איצט מוז יעדער עפעס טהון, פונקט ווי מען וואָלט איהם בעדארפט; און דאס פיהרט יעדעס מאָל צו מחלוקות און אויפרעגונג. וואס מעהר איהר רעגט אויף די זאך, אלץ ערגער ווערט עס.

(זיי טרינקען.)

## זאָגסט.

דאס איז געוועזן דעם קעניג'ס ווילען. זי קען גאָר ניט טהון.

## יעטטער.

יעצט טאָרען מיר ניט זינגען די נייע קאפיטלעך תהילים. דער־פאר אבער מעגען מיר זינגען אויסגעלאסענע ליעדער. און פאר וואס? זיי זאגען, אז עס געפינט זיך אין זיי אפיקורסות און נאָך אנדערע זא־כען, גאָט ווייס וואס. איך האב זיי געזונגען און גאָר ניט געזעהען אין דעם.

## בויק.

איך וואָלט זיי אסך געפרעגט! אין אונזער פראָווינץ זינגען מיר וואס מיר ווילען. דאס איז דערפאר, ווייל גראף עגמאָנט איז אונזער בעל־הבית. איהם קימערן ניט אזעלכע זאכען. אין גענט, אופערן, איבער גאנץ פלאנדערן זינגט זיי יעדער וואס וויל נאָר. (הויך.) עס איז דאָך ניטאָ קיין אונשולדיגערע זאך ווי אזא גייסטליך ליעד! ניט אזוי, פאטער?

## רויזום.

עס איז א תפילה צו גאָט, אן עונג נפש.

## יעטטער.

זיי זאגען אבער, אז עס איז ניט אויפ'ן ריכטיגען אופן, אויף זייער אופן; און אזוי ווי דאס איז געפעהרליך, זאָל מען עס בעסער

ניט דערמאָהנען. די אינקוויזיציאָנס־דיענער קריכען ארום און פּאַסען אויף; ניט נאָר איין עהרליכער מענש איז שוין אונגליקליך געוואָרען. דער געוויסענס־צוואַנג האט אונז נאָך געפעהלט! אזוי ווי איך דאַרף ניט טהון וואס איך דענק, האבען זיי, לכל־הפחות, מיך געמעגט לאָזען דענקען און זינגען וואס איך וויל.

## זאָגסט.

די אינקוויזיציאָן קען דאָ קיין קיום ניט האבען. מיר זיינען ניט ווי די שפּאַניער צו לאָזען טיראַניזירען אונזער געוויסען. דער אדעל מוז אויך זעהען בעצייטענס איהר אָבצושניידען די פליגעל.

## יעטטער.

עס איז זעהר אונאַנגענעהם. ווען עס זאָל זיי איינפאַלען אריינ־צושטורמען אין מיין הויז, ווען איך זיטץ ביי דער ארבייט און זינג מיר עפּעס א קאַפּיטעל תהילים אויף פראַנצויזיש און דענק דערביי ניט קיין גוטס און ניט קיין שלעכטס; איך ברום בלויז ווייל ער ליעגט מיר אין האלז; באַלד בין איך אַן אפּיקורוס און איך ווער ארעטירט. אדער איך געה איבער'ן לאַנד און בלייב מיר שטעהען נעבען א הויפען מענשען, וואס הערט אויס א פּרעדיגער, איינעם פון יענע, וואס איז געקומען פון דייטשלאַנד; באַלד הייס איך א רעוואָלוציאָנער, און בין אין געפאהר צו פערליערען מייו קאָפּ. האט איהר שוין אמאָל געהערט אזא פּרעדיגער?

## זאָגסט.

בראַווע לייט זיינען זיי! מיט א קורצער צייט צוריק האב איך געהערט איינעם אויפ'ן לאַנד רעדענדיג צו טויזענדער מענשען. דאס איז געוועןאַן אנדערער מאכל, ניט אזעלכער ווי איינער פון אונזערע, וואס טאַנצט ארום אויף דער בימה און זוכט צו דערווערגען דעם עולם מיט לאַטייניש ברעקלעך. יענער האט גערעדט פון הארצען; דער־צעהלט, ווי מען האט אונז ביז אהער ארומגעפיהרט ביי דער נאָז, געהאַלטען אין דומהייט און ווי אזוי מיר קענען האבען מעהר אויפ־קלערונג — און דאס אַלעס האט ער בעוויעזען פון דער ביבעל.

יעטטער.

אין דעם קען דאָך עפּעס ליעגען! איך האב שוין א סך וועגען דעם נאָכגעקלערט.

בויק.

עס לויפט זיי אויך נאָך דאס גאַנצע פאָלק.

זאָגסט.

דאס גלויב איך, ווייל דאָרט קען מען הערען עפּעס גוטעס און נייעס.

יעטטער.

און וואס מאכט עס אויס? מען קען דאָך לאָזען יעדען פרעדיגען לויט זיין אופן.

בויק.

יעצט, מיינע הערען! וועהרענד איהר רעדט, פערגעסט איהר דעם וויין און דעם פּרינץ פון אָראַניען.

יעטטער.

איהם וועלען מיר ניט פערגעסען. ער איז אַן אמת'ע פעסטונג. ווען מען דענקט נאָר איבער איהם, מיינט מען באַלד, אז מען קען זיך הינטער איהם בעהאַלטען, און דער טייוועל אליין וואָלט איהם שוין ניט ארויסגעבראכט. הורראַ פאר ווילהעלם פון אָראַניען!

אלע.

הורראַ! הורראַ!

זאָגסט.

יעצט, אַלטער, לאָמיר אויך טרינקען צו דיין געזונדהייט.

רויזום.

אַלטע סאָלדאַטען! אַלטע סאָלדאַטען! לאַנג לעבען זאָל דער קריעג!

יעטטער.

קריעג! קריעג! ווייסט איהר אויך וואס איהר זאגט? אז עס נעהט אייך ארוים קריעג פון מויל, איז גאנץ נאטירליך; אבער וואס פאר א שרעקליכע זאך דאס איז, קען מען ניט אזוי מיר־ניט־דיר־ניט ערקלערען. א גאנצעס יאהר הערט מען נאר פויקען־געררויש; דאן הערט מען בלויז ווי א מחנה מענשען איז אנגעקומען אהין, אהער, איבער טהאל, איבער בארג, נעבען דער מיהל; וויפיעל דא זיינען געבליעבען, וויפיעל דארט, און ווי זיי האבען זיך געדרענגט; איינער געווינט, דער אנדערער פערליערט, ניט וויסענדיג דערוויילי איבער וואס די גאנצע מלחמה איז. ווי איין שטאדט איז איינגענומען געווארען, די בירגער אויסגעמארדעט, און ווי עס איז צוגעגאנגען מיט די ארעמע ווייבער, מיט די אונשולדיגע קינדער. דאס איז א צרה און אן אומגליק, און דאן דענקט זיך יעדער איינער: „אט קומען זיי, מיט אונז וועט עס אויך אזוי זיין!"

זאגסט.

דערפאר מוז אויך א בירגער תמיד זיין געאיבט מיט וואפען.

יעטטער.

ווער עס האט ווייב און קינדער דארף זיך איבען. פון דעסטוועגען הער איך בעסער פון סאלדאטען ווי זיי צו זעהען.

בויק.

איך וואלט דערפאר געקענט פאראיבעל האבען.

יעטטער.

אייך מיינט מען ניט, לאנדסמאן. אזוי ווי מיר זיינען פטור גע־ווארען פון דער שפאנישער בעלאגערונג, האבען מיר ווידער געקענט כאפען דעם אטהעם.

זאגסט.

ווירקליך! זיי זיינען אויף אונז געוועזן א שווערע לאסט.

יעטטער.

זאָרג דיך פאר זיך אליין!

זאָגסט.

זיי זיינען מיט דיר ניט געווען בשלום.

יעטטער.

האלט דיין מויל!

זאָגסט.

זיי האבען איהם פערטריעבען פון דער קיך, פון קעלער, פון דער שטוב, פון — בעט. (זיי לאכען.)

יעטטער.

דו ביסט א דומקאָפּ!

בויק.

פריעדען, מיינע הערען! מוז דער סאָלדאט רופען צום פריע־דען? — נאָר אזוי ווי איהר ווילט ניט הערען פון אונז, לאָמיר אלזאָ טרינקען צו דער געזונדהייט פון די בירגער.

יעטטער.

דערצו זיינען מיר בערייט! זיכערהייט און רוה!

זאָגסט.

אָרדנונג און פרייהייט!

בויק.

בראוואָ! דערמיט זיינען מיר צופריעדען.

(זיי שטויסען אָן גלאז אָן גלאז מיט פרעהליכע ווערטער, דאן רע־דען זיי אזוי, אז יעדער זאגט עפּעס אנדערש און עס ווערט א מין הארמאָנישעס געזאנג. דער אלטער הערט זיך צו און דאן מישט ער זיך אויך אריין.)

אלע.

זיכערהייט און רוה! אָרדנונג און פריעדען!



# פאלאַטץ פון דער רעגענטין.

## פאלאַטץ פון דער רעגענטין.

מארגארעטע פון פארמאַ אין יאגד־קליידער. הויפלייט, פאזשען, בעדיענטע.

### רעגענטין.

לאָזט אָב היינט די יאגד, איך וועל ניט רייטען. זאגט מאכיאַ־וועלל'ן ער זאָל צו מיר קומען.

(אלע געהען אב.)

דער געדאנק אליין אן דיעזע שרעקליכע פאסירונגען לאָזט מיך ניט רוהען. קיין זאך קען מיך אמוזירען, קיין זאך מיך צושטרייען; אימער זיינען עס דיעזע בילדער, דיעזע זאָרגען. יעצט וועט דער קעניג זאגען, אז דאס איז דער פועל־יוצא פון מיין גוטסקייט, פון מיין נאָכגע־ביגקייט; און דאָך זאגט מיר מיין געוויסען יעדען אויגענבליק, אז איך האב געטהאָן דאס גלייכסטע און דאס בעסטע. האב איך פריהער בע־דארפט מיט דעם שטורם פון צאָרן אויסאנאנדער בלאָזען דיעזע פלאַ־מען? איך האב געהאָפט זיי בעסער צו דערשטיקען. יא, וואס איך זאג מיר אליין, וואס איך וויים, ענטשולדיגט מיך פאר מיר זעלבסט; אבער ווי וועט עס אויפנעהמען מיין ברודער? קען מען דען לייקענען, אז די פרעכהייט פון די פרעמדע לעהרער איז מיט יעדען טאג גרעסער גע־וואָרען? זיי האבען געלעסטערט אונזער הייליגטהום, אויפגערעגט די שטומפיגע חושים פון פאָלק און איהם בעגייסטערט מיט פוסטע האָפ־נונגען. אונריינע גייסטער האבען זיך אריינגעמישט צווישען די אויפ־

ריהרער, שרעקליכע מעשים האבען זיי אָבגעטהאָן, וועלכעס מאַכט שווי־דערן ווען מען דענקט איבער זיי, און פון דעם אַלעמען מוז באַלד אָב־געגעבען ווערען דין וחשבון צום הויף. שנעל און פינקטליך מוז מיין בעריכט זיין, איידער די נאַכריכטען יאגען אריבער מיין שליח און דער קעניג זאָל ניט פערדעכטיגען, אז מאַנכע איינצעלהייטען זיינען מיט א כיון אויסגעלאָזען געוואָרען. איך זעה קיין מיטעל, שטרענג אדער מילד, אָבצוהאַלטען דיעזע צרה. אָך, וואס זיינען מיר גרויס אויף דער כוואַליע פון דער מענשהייט? מיר דענקען זיי צו בעהער־שען, און צום סוף ווערען מיר געשליידערט ארויף און אראָב, הין און צוריק.

(מאַכיאַוועלל ערשיינט.)

רעגענטין.

זיינען שוין פארטיג די בריעף פאר'ן קעניג?

מאַכיאַוועלל.

אין א שטונדע וועט איהר זיי קענען אונטערשרייבען.

רעגענטין.

האט איהר געמאַכט דעם בעריכט גענוג אויספיהרליך?

מאַכיאַוועלל.

איך האב איהם געגעבען מיט אַלע איינצעלהייטען אַט ווי דער קעניג ליעבט. איך האב איהם דערצעהלט פריהער איבער דעם צאָרן פון די בילדער־ברעכער, וואס האט אויסגעבראָכען אין סט. אבער. ווי א וויטהענדע מאַסע מיט שטיקער העלצער, העק, האַמערס, לייטערס און שטריק, בעגלייט פון עטליכע בעוואַפענטע מענער, האט צום ער־שטען אָנגעגריפען די קאַפּעלעס, קירכען און מאָנאַסטירען, ארויסגע־טריעבען די מתפללים, צובראָכען די פערריגעלטע טויערן, אַלעס אי־בערגעקעהרט האָרע־קאָרע, צובראָכען די מזבחות, צושטערט די סטאַ־טוען פון די הייליגע, בעשמוצט די בילדער, און צוברעקעלט אויף שטויב און צעטרעטען מיט די פיס אַלעס הייליגע, וואס זיי האבען

בעגעגענט. ווי די מאַסע האט זיך פערגרעסערט, און ווי די איינוואוי־
נער פון אנדרעס האבען געעפענט די טויערן ווען זיי זיינען צוגעקומען.
ווי אזוי זיי האבען מיט אונגלויבליכער שנעלליגקייט צושטערט די קאַ־
טהעדראַלע און פערברענט דעם בישאָף'ס ביבליאָטהעק. ווי אַן אַנדערע
גרויסע מאַסע, אויך פון אַזאַ משוגעת אָנגעכאַפּט, האט זיך צושפּרייט
איבער מעניין, קאַמינעס, ווערוויערס, ליללע, און אויף קיין פּלאַטץ ניט
געפונען קיין ווידערשטאַנד ; און ווי אַזוי, כמעט איבער גאַנץ פלאַנ־
דערן, אין איין מאָמענט, האט זיך די גאַנצע ריעזיגע קאָנספּיראַציע
ערקלערט און אויסגעפיהרט.

רעגענטין.

אך ! ווי עס כאַפּט מיך ווידער אָן דער שמערץ ביי דיין ווידער־
האָלונג, די מורא קומט אויך צו און די צרות זעהען אויס גרעסער און
גרעסער צו ווערען. זאג מיר וואס דו דענקסט, מאַכיאַוועלל.

מאַכיאַוועלל.

ענטשולדיגט מיר, אייערע האָהייט, מיינע געדאַנקען וועלען אייך
אויסזעהען ווי פוסטע חלומות. ווען איהר זייט אפילו צופריעדען געווען
מיט מיין דיענסט, האט איהר, פון דעסטוועגען, קיינמאָל ניט געוואָלט
פאָלגען מיין ראַטה. איך האב אָפט געזאָגט אויף שפּאס : „דו זעהסט
צו ווייט. מאַכיאַוועלל, דו זאָלסט ווערען א געשיכטע שרייבער ; ווער
עס האַנדעלט מוז זיך זאָרגען פאר דער צוקונפט.“ און דאָך, האב
איך ניט דיעזע שרעקליכע געשיכטע פאראויס פּראָפעצייהעט ? האב
איך ניט אַלעס אין פאראויס געזעהען ?

רעגענטין.

איך זעה אויך פיעל פאראויס און קען עס ניט ענדערן.

מאַכיאַוועלל.

בקיצור, איהר וועט ניט קענען אונטערדריקען די נייע לעהרע.
לאָזט זי אַנערקענט ווערען, טהיילט אָב איהרע אַנהענגער פון די אמת־
גלייביגע, גיט זיי אייגענע קירכען, שליעסט איין אין דער בירגערליכער

אָרדנונג, זאָלען זיי זיין אונטערוואָרפען צו בעגרענעצטע רעכטען, — טהוט דאס, און איהר וועט באַלד בערוהיגען דעם אויפשטאַנד. אַלע אַנדערע מיטלען טויגען ניט און איהר פערוויסט בלויז דאס לאַנד.

## רעגענטין.

האסטו פערגעסען מיט וואס פאר אַן אָבשיי מיין ברודער אַליין האט צוריקגעוויזען די פראַגע אויב מען זאָל דולדען די נייע לעהרע? ווייסטו ניט ווי ער ווארענט מיך אין יעדען בריעף מיט אַלע מעגליכ־קייטען אויפצוהאַלטען דעם אמת'ן גלויבען? אַז ער וויל ניט שאַפען קיין רוה און אָרדנונג אויפ'ן חשבון פון דער רעליגיאָן? האַלט ער ניט אין די פראָווינצען שפּיאָנען, וואס מיר קענען ניט, אום צו ערפאהרען ווער עס געהט אריבער צו די נייע אידעען? האט ער ניט, צו אונזער פערוואונדערונג, אָנגערופען דיעזען און יענעם, וועלכער האט זיך אי־בערגעגעבען אין געהיים צו אפּיקורסות? בעפעהלט ער ניט די גרעסטע שטרענגקייט? זאָל איך זיין מילד? זאָל איך איהם מאכען פאָרשלעגע פאר טאָלעראַנץ? וועל איך ביי איהם ניט פערליערען יעדעם פער־טרויען, יעדעם גלויבען?

## מאַכיאַוועלל.

איך ווייס עס. דער קעניג בעפעהלט און לאָזט אויך וויסען זיינע אבזיכטען. איהר דארפט מאכען רוה און פריעדען דורך אַזא מיטעל, וואס ערביטערט נאָך מעהר די געמיטהער און וואס וועט אויפבלאָזען דעם קריעג אין אַלע עקען. בערעכענט, וואס איהר טהוט. די גרעסטע סוחרים זיינען אָנגעשטעקט מיט דער נייער לעהרע, דאסזעלבע איז אויך מיט'ן אדעל, דאס פאָלק, די סאָלדאטען. וואס נוצט עס זיך צו האַלטען מיט אונזערע מיינונגען, ווען אַלעס ארום אונז וועקסעלט זיך? זאָל עפּעס א גייסט געבען פיליפּ'ן א געדאנק, אַז עס איז פיעל אַנשטענ־דיגער פאר א קעניג צו רעגיערען איבער בירגער פון צוויי ערליי גלוי־בענס, ווי זיי אויפצורייצען איינעם אויף אַן אַנדערן.

## רעגענטין.

אַזעלכע ווערטער וויל איך מעהר ניט הערען. איך ווייס גאַנץ גוט,

אז פּאָליטיק שטימט זעלטען איין מיט טרייהייט און גלויבען; אז דאס שליעסט אויס אָפענהייט, גוטהערציגקייט און נאָכגעביגקייט. אין וועלטליכע געשעפטען איז דאס אזוי; זאָלען מיר אבער מיט גאָט אויך שפּיעלען אזעלכע שטוקעס? זאָלען מיר זיין גלייכגילטיג צו אונזער גלויבען, פאר וועלכען אזוי פיעלע האבען מקריב געווען זייער לעבען? זאָלען מיר זיך אונטערגעבען צו די פרעמדע, אונזיכערע און זעלבסט סותר'דיגע אפּיקורסות?

מאַכיאַוועלל.

דענקט ניט דערפאר דאס ערגסטע איבער מיר.

רעגענטין.

איך קען דיך און דיין טרייהייט, און איך וויים, אז איינער קען זיין אַן עהרליכער און אנשטענדיגער מאַן, כאָטש ער האט פערפעהלט דעם בעסטען וועג צו ראַטעווען זיין נשמה. יא, מאַכיאַוועלל, עס זיינען נאָך דאָ אנדערע מענער, וועלכע איך אכטע, און וועלכע איך מוז טאַדלען.

מאַכיאַוועלל.

וועמען מיינט איהר?

רעגענטין.

איך מוז מודה זיין, אז עגמאָנט האט מיר היינט פעראורזאכט א טיעפען און איננערליכען פערדרוס.

מאַכיאַוועלל.

וואס האט ער געטהאָן?

רעגענטין.

דורך זיין געוועהנליכעס, דורך גלייכגילטיגקייט און לייכטזינן. איך האב ערהאַלטען די שרעקליכע בשורה בשעת איך בין ארויס פון דער קירכע בעגלייט פון איהם און פיעלע אנדערע. איך האב מיין שמערץ ניט געקענט איינהאַלטען און זיך ווענדענדיג צו איהם, האב

איך אויסגערופען: „זעהט וואס אין אייער פּראָווינץ טהוט זיך! דאס דולדעט איהר, גראַף, פון וועמען דער קעניג האט אַלעס ערוואַרטעט?"

מאַכיאַוועלל.

און וואס האט ער געענטפערט?

רעגענטין.

פּונקט ווי עס איז גאָר ניט געווען, האט ער בעמערקט: זאָלען נאָר די ניעדערלענדער בערוהיגט ווערען וועגען זייער קאָנסטיטוציאָן; דאס איבריגע וועט זיין גרינג.

מאַכיאַוועלל.

עס איז פיעללייכט געווען מעהר אמת ווי חכמה און פרומקייט. ווי אזוי זאָל מען האבען צוטרויען, ווען דער ניעדערלענדער זעהט, אז עס האנדעלט זיך מעהר אום זיינע גיטער ווי אום זיין פּרנסה און זיין נשמה? האבען די נייע בישאָפען מעהר נשמות געראַטעוועט ווי די פעטע ביסענס, וואס זיי האבען איינגעשלונגען? זיינען זיי ניט מייד־סטענטהיילס אויסלענדער? ביז יעצט זיינען נאָך די ניעדערלענדער געווען שטאַאטהאַלטערס; אבער זוכען עס דען ניט די שפּאַניער ביי זיי עס צו צונעהמען? וויל דען ניט א פאָלק רעגיערט ווערען אויף זיין אופן, פון די אייגענע, ווי פון פרעמדע?

רעגענטין.

שטעלסט זיך אויף דער זייט פון די געגנער?

מאַכיאַוועלל.

מיט'ן הארצען געוויס ניט. הלואי וואָלט איך אויך מיט דעם פערשטאַנד געקענט זיין מיט די אונזעריגע.

רעגענטין.

ווען דאס איז דיין מיינונג, וואָלט געווען בעסער איך זאָל זיי איבערגעבען מיין רעגענטשאַפט. וויילביידע, אי עגמאָנט, אי אָראַניען,

האבען געהאפט צו האבען דיזע שטעלע. דאמאלס זיינען זיי געווען געגנער, יעצט זיינען זיי פעראייניגט געגען מיר און געווארען פריינדע — אונצוטהיילבארע פריינד.

### מאכיאוועלל.

א געפעהרליך פאארעל.

### רעגענטין.

צו זיין אויפריכטיג, האב איך מורא פאר אראניען, און איך שרעק מיך פאר עגמאנט'ס סוף. אראניען פלאנט עפעס ניט קיין גוטס, זיינע געדאנקען גרייכען ערגיץ וואו אין דער וויט. ער איז געהיימ־ניספאל, שיינט אלעס אנצונעהמען, ווידערשפרעכט ניט, און מיט דעם טיעפסטען יראת־הכבוד, מיט דער גרעסטער פארזיכטיגקייט טהוט ער וואס איהם געפעלט.

### מאכיאוועלל.

גראד אין געגענטהייל, עגמאנט האנדעלט גאנץ פריי, גראדע ווי די גאנצע וועלט וואלט געווען זיינע.

### רעגענטין.

ער טראגט זיין קאפ אזוי הויך, פונקט ווי די האנד פון זיין מא־יעסטעט וואלט איבער איהם ניט געשוועבט.

### מאכיאוועלל.

די אויגען פון פאלק קוקען צו איהם און אלע הערצער זיינען אויף מיט איהם.

### רעגענטין.

ער האט קיינמאל ניט געטראגען זיין מאסקע און ער בענעהמט זיך אזוי, גלייך ווי קיינער וואלט ניט געהאט קיין רעכט פון איהם אבצונעהמען דין וחשבון. ער ליעבט אויך אימער גערופען צו ווערען גראף עגמאנט, גלייך ווי ער וואלט זיך וועלען דערמאנען, אז זיינע

עלטערן זיינען געוועזן די הערדען פון געלדערלאנד. פארוואס נעהמט ער ניט אן זיין ריכטיגען טיטעל פרינץ פון גאורע? וויל ער נאך אמאל אויפלעבען אויסגעלאשענע רעכטע?

מאכיאוועלל.

איך האלט איהם פאר א געטרייען דיענער פון דעם קעניג.

רעגענטין.

ווען ער זאל ועלען וואלט ער זיך געקענט מאכען גאנץ וויכטיג פאר דער רעגיערונג. אנשטאט דעם וואס ער האט אונז פערשאפט פער־דרוס. זיינע באנקעטען און אונטערהאלטונגען האבען דעם אדעל מעהר פערבונדען און פערקניפט, ווי די געפעהרליכסטע געהיימע אסיפות. ווי אפט האבען זיינע שפאס־רעדעס צורודערט די מוחות פון פאלק? און וואס פאר אן אויפרעגונג עס איז ארויסגערופען געווארען צווישען די מאסען דורך די ליווריען און די נאררישע קליידונגען פון זיינע נאכפאלגער?

מאכיאוועלל.

איך בין איבערציינגט, אז ער האט עס ניט געמיינט.

רעגענטין.

נאך ערגער. ווי געזאגט, שענדעט ער אונז און ברענגט זיך ניט קיין נוטצען. ער נעהמט אן דאס ערנסטע פאר א קאטאוועס, און מיר מוזען אננעהמען קאטאוועס פאר אן ערנסט. אזוי געהט עס איינס נאך אנאנדער, און פונקט וואס מען וויל אבווענדען, דאס קומט. ער איז געפעהרליכער ווי דער פיהרער פון א פערשווערונג; און מיר וועלען מוזען האבען א גרויסען טעות אויב מען וועט ניט געדענקען אלעס אין הויף. איך מוז מודה זיין, אז עס וועט ניט פערגעהען פיעל צייט, ביז ער וועט מיך ערגערן, זעהר ערגערן.

מאכיאוועלל.

ער זעהט מיר אויס אין אלעמען צו האנדלען נאך זיין געוויסען.

רעגענטין.

זיין געוויסען איז א חן'עוודיגער שפּיעגעל; זיין בענעהמען זיך איז אָפּט בעליידיגענד. ער זעהט מעהרערע מאָל אויס, גלייך ווי ער וואָלט געוועז איבערצייגט, אז ער איז בעל־הבית, און וויל עס ניט פיהלען, גלייך ווי ער וויל אונז דערמיט טהון א טובה און אונז ניט ארויסטרייבען פון לאַנד.

מאַכיאַוועלל.

איך בעט אייך, לעגט ניט אזוי אויס זיין אָפענהערציגקייט, זיין גליקליכעם בלוט. איהר שאַדעט בלויז איהם און אייך.

רעגענטין.

איך לעג גאָר ניט אויס. איך רעד בלויז פון די אונפערמיידליכע רעזולטאַטען, און איך קען איהם גאַנץ גוט. זיין ניעדערלענדישער אדעל און זיין גאָלדען פליעס פון דער ברוסט שטאַרקען זיין פערטרויען, זיין פרעכהייט. ביידע קענען איהם פון א שנעל רוגז פון קעניג בעשיטצען. אונטערזוך עס נאָר גוט, און דו וועסט זעהען, אז אין דעם גאַנצען אונ־גליק, וואס האט געטראָפען פלאַנדערן, איז ער דאָך נאָר אליין שולדיג. פריהער האט ער געפּלאַנט געגען די פרעמדע לעהרער, אויסגעמידען שטרענגע מאַסרעגלען, און זיך פיעללייכט געפרייט אין געהיים וואס זיי גיבען אונז אזוי פיעלע צרות. לאָמיך צורוה. ביי דיעזער געלעגענ־הייט וועל איך זאגען, וואס מיר ליעגט אויפ'ן הארצען. איך וועל אויך די פייל ניט אומזיסט אבשיסען, נאָך וואס ער קען פיהלען אם בעסטען, און ער איז אויך עמפּפינדליך.

מאַכיאַוועלל.

האט איהר צוזאמענגערופען דעם ראטה? קומט אויך אָראַניען?

רעגענטין.

איך האב נאָך איהם געשיקט קיין אַנטווערפּען. איך וועל לעגען אויף זיי די לאַסט פון פעראַנטוואָרטליכקייט. זיי זאָלען צוזאמען מיט

מיר קעמפּפען דאגעגען, אדער זיך ערקלערען אלס רעבעלען. גיכער, זעה די בריעף זאָלען פּארטיג ווערען און ברענג זיי מיר צום אונטער־שרייבען. דאן שיק נאָר שנעל דעם פּערטרויעטען וואסקאָ קיין מאדריד. ער איז אונערמיעדליך און געטריי; כדי מיין ברודער זאָל דורך איהם ערפאהרען די נאכריכט איידער אנדערע דערצעהלען עס דאָרט. איך אליין וויל מיט איהם נאָך עפּעס רעדען איידער ער רייזט אָב.

## מאַכיאַוועלל.

אייערע בעפעהלע זאָלען שנעל און גענוי בעפאָלגט ווערען.



# בירגערהויז.

קלארע, קלארע'ס מוטער, בראקענבורג.

קלארע.

ווילט איהר מיר ניט האַלטען די באוועל, בראקענבורג?

בראקענבורג.

איך בעט אייך, קלארע, ענטשולדיגט מיך.

קלארע.

וואס פעהלט אייך שוין ווידער? פאר וואס ענטזאגט איהר מיר דיעזע קלייניגקייט?

בראקענבורג.

איהר פער'כישופ'ט מיך אזוי ווען איך האלט די באוועל, אז איך קען ניט אויסמיידען אייערע אויגען.

קלארע.

נאררישקייטען! קומט נאר און האלט!

מוטער (שטריקענדיג אויפ'ן בײנקעל).

זינגט דאך עפּעס. בראקענבורג בעגלייטעט אזוי שעהן. אמאָל זייט איהר געוועזן פרעהליך און איך האב געהאט פון וואס צו לאכען.

בראקענבורג.

אמאָל!

קלאַרע.

לאָמיר זינגען!

בראַקענבורג.

ווי איהר ווילט.

קלאַרע.

אבער נאָר מונטער. זינגט! וואס איך ליעב, איז א סאָלדאטען־ליעדעל.

(זי וויקעלט באוועל און זינגט מיט בראַקענבורג'ן.)

די פויק הילכט!
הויך שפּיעלט דאס פייפעל!
מיין ליעבסטע געוואָפּענט,
קאָמאַנדירט די טרופּען.
הויך האלט ער די שפּיעז,
און ער גאַרט די לייט.
ווי קלאַפּט מיר דאס הארץ!
ווי רוישט מיר דאס בלוט!
וואָלט איך נאָר געהאַט א יאַק,
מיט הויזען און הוט!

נאכגעגאַנגען בין איך איהם צום טויער,
מיט מוטהיגע שריט,
געגאַנגען דורך פּראָווינצען,
איבעראַל מיטגעגאַנגען.
די שונאים ענטלויפען,
מיר שיסען דאָרט אריין.
וואס פאר א גליק
צו זיין א מאַנסביל!

(ווערענד דעם זינגען האט בראַקענבורג אָפט געקוקט אויף קלאַרע'ן; ענדליך צייגערט ער מיט זיין שטימע, זיינע אויגען פילען זיך אָן מיט טרערען, לאָזט פאַלען די באוועל און געהט צו צום פענ־סטער. קלאַרא ענדיגט אליין דאס ליעד, איהר מוטער ווינקט איהר,

האלב אונצופריעדען שטעהט זי אויף, געהט צו אייניגע שריט צו איהם, ווענדעט זיך אום נאכלעסיג און זעטצט זיך ווידער.)

מוטער.

וואס טהוט זיך אין גאס, בראקענבורג? איך הער סאָלדאטען מאַר־שירען.

בראקענבורג.

עס איז די לייב־גוואַרדיע פון דער רעגענטין.

קלאַרע.

יעצט? וואס זאָל עס בעדייטען? (זי שטעהט אויף און געהט צו צום פענסטער נעבען בראקענבורג.) דאס איז ניט די געוועהנליכע וואך; זיי זיינען פיעל מעהר. כמעט אַלע טרופּען. אַך, בראקענבורג, געהט ארויס און הערט וואס דאָרט איז. עס האט געמוזט פּאסירען עפּעס. געהט, גוטער בראקענבורג, טהוט מיר א טובה.

בראקענבורג.

איך געה און בין באַלד צוריק. (ער גיט איהר די האנד אָבגעהענ־דיג, און זי גיט איהם איהרע.)

מוטער.

שיקסט איהם שוין ווידער אוועק?

קלאַרע.

איך בין נייגיעריג; און, אויסער דעם, טהוט מיר וועה זיין גע־גענוואַרט. איך ווייס נאָך אַלץ ניט, ווי איך זאָל מיך געגען איהם בע־געהמען. איך האב איהם אונרעכט געטהאָן, און דאס נאגט מיך ביים הארצען, זעהענדיג ווי ער פיהלט דאס. איך קען עס אבער מעהר ניט ענדערן.

מוטער.

ער איז א גוטער יונג!

קלארע.

איך קען מיר ניט העלפען, איך מוז איהם בעהאנדלען צערטליך; אפטמאל גיב איך איהם אויך צוריק א ליעבענדען האנד־דרוק. איך מאך מיר פארווירפע פאר וואס איך נאר איהם אב, פאר וואס איך ערציה אין זיין הארצען א פוסטע האפנונג. גאט ווייסט דעם אמת, אז איך וויל איהם ניט אבנארען. איך וויל ניט ער זאל האפען, איך קען איהם אבער אויך ניט לאזען פערצווייפלען.

מוטער.

דאס איז ניט גוט.

קלארע.

איך האב איהם אמאל ליעב געהאט, און אין מיין נשמה ליעב איך איהם נאך אלץ. איך האב איהם אויך געקענט הייראטהען; און דאך גלויב איך יעצט, אז איך בין קיינמאל ניט געווען פערליעבט אין איהם.

מוטער.

גליקליך וואלסטו מיט איהם געווען.

קלארע.

איך וואלט געווען פערזארגט און געהאט א רוהיגעם לעבען.

מוטער.

און דאס איז אלץ דיין שולד.

קלארע.

איך בין אין א מערקווירדיגער לאגע. ווען איך דענק אזוי נאך ווי דאס איז צוגעגאנגען, ווייס איך עס און איך ווייס עס ניט. אבער איך דארף בלויז א קוק טהון אויף עגמאנט'ן און איך פערשטעה עס באלד; יא, און נאך מערקווירדיגערע זאכען וואלטען מיר פארגעקומען נאטיר־

ליך. אָך, דאס איז אַ מאַן! אַלע פראָווינצען פערגעטערן איהם. זאָל איך ניט אין זיינע אָרעמס זיין די גליקליכסטע בריאה אין דער וועלט?

מוטער.

ווי וועט עס זיין אין דער צוקונפט?

קלאַרע.

אַלעס וואס איך וויל וויסען איז, אויב ער ליעבט מיך, און ווען ער ליעבט מיך, איז נאָך דאָ עפּעס אַ פראגע?

מוטער.

מען האט נאָר צרות פון קינדער. ווי אזוי עס זאָל ניט אויסקומען, זיינען תמיד דאָ יסורים מיט זאָרג. און עס קען ניט גוט אויסקומען. דו האסט דיך אונגליקליך געמאַכט. מיך אויך אונגליקליך געמאַכט!

קלאַרע (געלאַסען).

דו האסט עס דאָך אַליין צוגעלאָזט אין אָנפאַנג.

מוטער.

ליידער בין איך צו גוט, אימער צו גוט.

קלאַרע.

ווען עגמאָנט איז פאָרגעריטען און איך בין געלאָפען צום פענ־סטער, האסטו מיר דערפאַר עפּעס געזאָגט? ביסטו ניט אַליין אויך געגאַנגען צום פענסטער? ווען ער האט ארויפגעקוקט, געלאַכט, זיך גענייגט, מיך געגריסט, איז דאס דיר געווען צו־ווידער? האסטו דיך ניט געפונען געעהרט דורך דיין טאָכטער?

מוטער.

מאַך מיר נאָך פאָרווירפע.

קלאַרע (גערירט).

ווען ער פלעגט עפטער קומען אין דיעזער גאַס און מיר האבען

געוואוסט, אז ער טהוט עס אוממיסטען, האסטו עס אויך ניט בעמערקט מיט היימליכער פרייד? האסטו מיך דען אוועקגערופען, ווען איך בין געשטאנען נעבען פענסטער און איהם ערווארטעט?

מוטער.

האב איך געוואוסט, אז עס וועט קומען אזוי ווייט?

קלארע (מיט שטיקענדער שטימע און צוריקגעהאלטענע טרערען).

און ווי ער האט אונז אבענדס, איינגעהילט אין מאנטעל, איבערראשט ביים לאָמפּ, ווער האט איהם דאמאלס עמפפאנגען, ווען איך בין געבליעבען אזוי ווי צוגענעגעלט צום ביינקעל?

האב איך געקענט מורא האבען, אז דיעזע אונגליקליכע ליעבע וועט אזוינס אויפטהון מיט דער קלוגער קלארע? יעצט מוז איך ערטראגען, אז מיין טאָכטער —

קלארע (איבערברעכענדיג אין א געוויין).

דו ווילסט עס, דיך פרייט עס מיך צו קריינקען!

מוטער (וויינענדיג).

איצטער וויין נאָך! מאַך מיך נאָך עלענדער דורך דיין בעטריעבטקייט! האב איך ניט גענוג יסורים, וואס מיין איינציגע טאָכטער איז אן אויסוואורף?

קלארע (אויפשטעהענדיג און קאלט).

אויסוואורף! עגמאָנט'ס געליעבטע אן אויסוואורף? — וועלכע פרינצעסין וואָלט ניט מקנא געווען דאס ארעמע מיידעל, וואס האט א פלאטץ אין זיין הארץ? אַך, מוטער — מיין מוטער, אזוי האסטו קיינמאָל ניט גערעדט. ליעבע מוטער, זיי גוט! וואס דאס פאָלק דענקט, וואס די שכנות מורמלען, ארט מיך ניט, כל־זמן דיעזעס הויז, דיעזעס קליינע שטיבעל איז א הימעל, וואו עגמאָנט'ס ליעבע וואוינט.

מוטער.

מען מוז איהם ליעב האבען, דאס איז אמת. ער איז אימער אזוי פריינדליך, פריי און אָפען.

קלארע.

אין איהם איז ניטאָ קיין פאלשע אָדער. זעה, מאמע, און ער איז דאָך דער גרויסער עגמאָנט. ווען ער קומט צו מיר, ווי ליעב און ווי גוט ער איז! ווי אזוי ער זוכט פאר מיר צו בעהאלטען זיין שטאנד און זיינע העלדישקייטען! ווי אזוי ער קימערט זיך פאר מיר! אזוי קען נאָר זיין א מענש, א פריינד און א געליעבטער.

מוטער.

וועט ער היינט קומען?

קלארע.

האסטו מיך ניט אָפט געזעהען געהען צום פענסטער? האסטו ניט בעמערקט, ווי איך האב מיך צוגעהערט, ווען עס האט עפּעס גע־רוישט ביים פענסטער? כאָטש איך ווייס, אז ער וועט ערשט קומען אבענד, דאָך קומט מיר פאָר יעדען אויגענבליק, פון אין דער פריה אָן, אז אָט, אָט געהט ער. אָך, ווען איך וואָלט געווען א אינגעל און געקענט מיט איהם געהען, אין הויף, און איבעראל! ווען איך וואָלט געקענט די פאהן נאכטראגען אין שלאכט!

מוטער.

דו ביסט תמיד געווען אן ארומלויפערקע; נאָך אלס קינד ביסטו געווען אָט שטארק פערשייט, אָט נאכדענקענדיג. ווילסטו דיך ניט אביסעל בעסער אָנטהון?

קלארע.

אפשר יא, מוטער, ווען עס וועט מיך לאנגווייילען. שטעל דיר נאָר פאָר, נעכטען זיינען פארבייגעגאנגען פון זיינע סאָלדאטען און גע־

זונגען פאר איהם ליעב־ליעדער. וועניגסטענס איז זיין נאמען דערמאָהנט געוואָרען אין די ליעדער. דאס הארץ האט מיר געקלאַפּט ביז צום הארצען. איך וואָלט זיי געוועט צוריקגערופען, ווען איך וואָלט מיך ניט געשעהמט.

## מוטער.

גיב נאָר אכטונג. דיין אויפגערעגטקייט וועט נאָך אַלעס קאַליע מאַכען; דו וועסט דיך אָפּען פעררעטהען פאר מענשען. אָט, ווען דו ביסט געוועזען ביי דיין פעטער און דערזעהען דאָרט דעם האָלץ־שניט און די בעשרייבונג, האסטו פּלוצלינג אויסגעשריען: „גראַף עגמאָנט!" איך בין רויט געוואָרען ווי פייער.

## קלארע.

האב איך ניט געזאָלט אויסשרייען? עס איז געווען די שלאַכט ביי גראוועלינגען, און איך האב אויבען, אויפ'ן בילד, געפונען דעם בוכשטאַב „ק" און געקוקט צו דער בעשרייבונג אונטען: „גראַף עג־מאָנט, ביי וועמען מען האט געשאָסען דאס פערד אונטער איהם." איך האב אויפגעשוידערט. דערנאָך האב איך געמוזט לאַכען איבער דעם האָלץ־אויסגעשניצטען עגמאָנט, וועלכער איז געווען אזוי גרויס ווי דער טהורעם פון גראוועלינגען דערביי און ווי די ענגלישע שיפען ביי דער זייט. ווען איך עראינגער מיך, ווי איך האב מיר אַמאָל פארגע־שטעלט א שלאַכט, און וואס פאר א בילד איך האב מיר געמאַכט פון גראַף עגמאָנט, ווען מען פלעגט פון איהם דערצעהלען, און פון אַלע גראַפען און פירסטען — און שטעל דיר פאָר ווי מיר איז יעצט!

## בראקענבורג (ערשיינט).

## קלארע.

נו, וואס הערט זיך?

## בראקענבורג.

מען ווייס גאָר ניט געוויס. אין פלאַנדערן, הייסט עס, האט וויע־

דער אויסגעבראָכען א מהומה; די רעגענטין האט מורא, אז דאס זאָל זיך אָהער אויך ניט פערשלעפּען. דער שלאָס איז שטארק בעזעטצט, פיעלע בירגער זיינען ביים טויער, דאס פאָלק קומט אין די מאסען. — איך וועל שנעל לויפען צו מיין אלטען פאטער.

(גלייך ווי ער וויל געהען.)

קלארע.

וועלען מיר אייך מאָרגען זעהען? איך וועל מיך אביסעל אָנטהון. דער פעטער קומט און איך זעה ניט גוט אויס. מאמע, העלף מיר אביסעל. בראקענבורג, נעהמט מיט דאס בוך און ברענגט מיר וויעדער אזא געשיכטע.

מוטער.

אדיע!

בראקענבורג (אויסשטרעקענדיג זיין האנד).

גיט מיר אייער האנד.

קלארא (וויל ניט געבען די האנד).

ווען איהר וועט נאָך אמאָל קומען.

(מוטער און טאָכטער אב.)

בראקענבורג (אליין).

איך האב מיר פאָרגענומען באלד אוועקצוגעהען; נאָר ווען זי האלט מיך ביים וואָרט און לאָזט מיך געהען, ווער איך שיער משוגע. אונגליקליכער! און דיך ריהרט גאָר ניט דאס שיקזאל פון דיין פאָטערלאנד? אָרט דיך ניט די וואקסענדע מהומה? און עס איז גלייך ביי דיר לאנדסמאן אדער שפאניער, און ווער עס רעגיערט און ווער עס האט רעכט? אין שולע בין איך געווען א גאנץ אנדער מין אינגעל. — ווען מען האט דאָרט אויפגעגעבען א לעקציאָן אין רעדע-קונסט; צום ביישפּיעל, ווי „ברוטוס'ס רעדע פאר פרייהייט,“ איז פריטץ תמיד געווען דער ערשטער און דער לעהרער האט געזאגט: „ווען עס זאָל נאָר

פאַרגעטראַגען ווערען לאַנגזאַמער, די ווערטער זאָלען זיך ניט דרענגען איינס איבער אַנאַנדער," דאַן האט מיין בלוט אין מיר געקאָכט און געזאָטען. — יעצט שלעפּ איך מיך נאָך די אויגען פון א מיידעל. קען איך זי ניט איבערלאָזען? זי וועט דאָך מיך סאַי־ווי־סאַי ניט ליעב האבען. — אָך — ניין — זי — זי קען מיך אין גאַנצען ניט אוועק־ווארפען — ניט אין גאַנצען, — אָך, האלב איז ווי גאַר ניט! ווייטער קען איך עס ניט דערטראַגען. זאָל עס זיין אמת וואס א פריינד האט מיר ניט לאַנג דערצעהלט? ער האט מיר געזאגט, אז ביינאַכט לאָזט זי צו זיך אריין א מאַן אין געהיים און דערפאַר שיקט זי מיך תמיד אוועק פאַר אבענד פון הויז. ניין, עס איז ניט אמת, עס איז א ליעגען, א שענדליכער, א מיאוס'ער ליעגען! קלאָרע איז פּונקט אזוי אונשול־דיג ווי איך בין אונגליקליך. — זי האט מיך פערוואָרפען, ארויסגע־שטויסען פון איהר הארצען — — און איך זאָל עס אזוי לעבען? איך קען עס מעהר ניט דערטראַגען. — — מיין פאַטערלאַנד ווערט דורך אינערליכער מחלוקת שרעקליך אויפגערעגט און איך שטאַרב אָב אונטער דעם געטומעל. איך קען דאס מעהר ניט דערטראַגען. — ווען דער טראָמפּעט קלינגט, ווען א שאָס קראכט, פיהל איך עס דורך מאַרך און ביינער! אָך, עס רייצט מיך ניט! עס פאָדערט מיך ניט אויך אַנצוגרייפען, צו ראַטעווען, צו וואגען! — עלענדער, פערשאָלטענער צושטאַנד. עס איז בעסער איך זאָל אַלעס ענדיגען אויף איינמאָל. מיט א קורצער צייט צוריק האב איך מיך אריינגעוואָרפען אין וואסער, איך בין געזונקען — אבער די שרעקעדיגע נאַטור איז געווען שטאַר־קער; איך האב געפיהלט, אז איך קען שווימען און מיך געראַטעוועט געגען מיין ווילען. — אָך, ווען איך וואָלט נאָר געקענט פערגעסען אין יענע צייטען, ווען זי האט מיך געליעבט, ווען עס האט זיך מיר גע־דאכט, אַז זי ליעבט מיך. ווארום האט מיר דאס גליק דורכגענומען מאַרך און ביינער? ווארום האבען מיר דיעזע האָפנונגען פערצעהרט יעדען געגוס פון לעבען, מיר ווייזענדיג א גן־עדן פון ווייטען? — און יענער ערשטער קוש! יענער איינציגער! דאָ (לעגענדיג די האַנד אויפ'ן טיש) זיינען מיר געווען אליין. זי איז תמיד געווען גוט און פריינדליך צו מיר, — דאַן האט זי אויסגעזעהען ווייכער צו ווערען — זי האט צו מיר געקוקט — מיין קאָפּ האט מיר געשווינדעלט — און איך האב געפיהלט איהרע ליפּען אויף מיינע — און — און יעצט? — שטאַרב

ווידער! וואס צייגערסטו? (ער נעהמט ארויס א פלעשעל פון קע־
שענע.) דו, רפואה'דיגער גיפט, ניט אומיסט האב איך דיך ארויס־
גע'גנב'עט פון מיין ברודער'ס דאָקטאָר־קעסטעל! דו זאָלסט מיך בע־
פרייען פון דיזער אנגסט, פון דעם קאָפּ־שווינדעל, פון דעם טויטעס־
שוויים!



# צווייטער אקט.

---

## פלאַטץ אין בריססעל.

יעטטער און א סטאָליאַר בעגעגענען זיך.

### סטאָליאַר.

האב איך עס ניט געזאגט פאראוים? נאָך פאר־אכט־טאָגען האב איך געזאגט, אז עס וועלען זיין שווערע מהומות.

### יעטטער.

איז עס דען אמת, אז זיי האבען בעראַבעוועט די קלויסטערס אין פלאַנדערן?

### סטאָליאַר.

מען האט זיי חרוב ונחרב געמאכט, אי די קלויסטערס, אי די קאַפּעלען. זיי האבען ניט געלאָזט שטעהען מעהר ווי פיער נאַקעטע ווענט. לויטער לומפּענגעזינדעל! און דאס פערערגערט נאָך אונזער גוטע זאַך. מיר האבען בעסער בעדארפט פאָרלעגען פאר דער רעגענטין אונזערע פאָדערונגען פאָרמעל און בעשטימט. אויב מיר רעדען יעצט, אויב מיר פערזאַמלען זיך יעצט, הייסט עס, אז מיר זיינען נפש־אחת מיט די רעוואָלוציאָנערען.

### יעטטער.

אזוי דענקט יעדער צו ערשט: פאר וואס זאָלסטו דיין נאָז אריינ־שטופען? דער האלז איז דאָך באַלד דערביי.

סטאַליאַר.

איך ווער תמיד אונרוהיג, ווען עס ווערט א רעש צווישען דער מאַסע — צווישען פאָלק, וואס האט גאָר ניט צו פערלירען. זיי נוטצען עס אוים אלס אן אויסרייד, אויף וועלכען מיר מוזען זיך אויף בערופען, און דערווייל ברענגען זיי דאס לאַנד אין אונגליק.

זאַגסט (ערשיינט).

א גאָט־העלף איך, מיינע הערען! וואס הערט זיך נייעס? איז דאס אמת, אז די איקאָנע־ברעכער געהען אין דיעזער געגענד?

סטאַליאַר.

דאָ זאָלען זיי גאָר ניט אָנריהרען.

זאַגסט.

ביי מיר איז אריינגעקומען א סאָלדאט טאַבאַק קויפען; איהם האב איך אויסגעפרעגט. די רעגענטין, וועלכע איז תמיד געווען א קלוגע און בראווע פרוי, איז איצטער אויסער זיך. עס מוז זיין גאַנץ שלעכט, ווען זי דאַרף זיך בעהאַלטען הינטער איהר וואַך. דער פאַ־לאַץ איז שטארק בעזעטצט. מען רעכענט שוין אפילו, אז זי וויל ענט־לויפען פון דער שטאדט.

סטאַליאַר.

ארוים זאָל זי ניט. איהר געגענווארט בעשיצט אונז, און מיר וועלען איהר געבען מעהר זיכערהייט ווי איהרע וואָנצענדיגע חברה. און ווען זי וועט אויפהאַלטען אונזערע רעכטע און פרייהייטען, וועלען מיר זי ארומטראַגען אויף די הענד.

זייפענמאַכער (ערשיינט).

עס איז א מיאוס'ע געשיכטע! א פּאַסקודנע מעשה! צרות הייבען זיך אָן און אַלצדינג געהט מיט'ן קאָפּ ארונטער. גיט נאָר אַכטונג צו בלייבען רוהיג, ווען ניט וועט מען אייך אויך האַלטען פאַר רעוואָל־טאַנטען.

זאָגסט.

אַט קומען די זיעבען חכמים פון גריעכענלאַנד.

זייפענמאַכער.

איך ווייס, אז עס זיינען דאָ פיעלע וואס האַלטען, בםוד, מיט די קאַלוואַניסטען, וואס לעסטערן די בישאָפען, און וואס זיי אַרט אפילו ניט דער קעניג. אבער א טרייער אונטערטהאַן, אן אויפריכטי־גער קאַטאָליק! —

(עס קומט צו נאָך פאָלק צו זיי און הערט.)

וואַנזען (ערשיינט).

א גאָט־העלף אייך, מיינע העררען! וואס הערט זיך נייעס?

זייפענמאַכער.

האַט מיט איהם ניט צו טהון, ער איז א שלעכטער יונג.

יעטטער.

איז עס ניט דער שרייבער פון דאָקטאָר וויעטס?

סטאָליאַר.

ער האַט שוין געהאַט פיעלע בעלי־בתים. פריהער איז ער געוועזן א שרייבער, און ווי איינער נאָכ'ן צווייטען האַט איהם ארויסגעיאַגט, פאַר זיינע מיאוס'ע שטיק, שווינדעלט ער יעצט מיט נאָטאַרען און אַדוואָקאַטען, און ער איז א בראַנפען־צאַפּען דערצו.

(עס קומען צו נאָך מענשען און שטעלען זיך ארום.)

וואַנזען.

איהר זייט פערזאַמעלט דאָ, לעגט די קעפּ צוזאַמען. עס איז דאָ איבער וואס צו רעדען.

זאָגסט.

איך דענק אויך אזוי.

וואַנזען.

ווען יעצט זאָל האבען עפּעס איינער א הארץ און דערצו נאָך דעם קאָפּ, וואָלטען מיר געקענט די שפּאַנישע קייטען אויף איינמאָל צור־רייסען.

זאַגסט.

מיינע הערען! אזוי דאַרפט איהר ניט רעדען. מיר האבען גע־שוואָרען טרייהייט דעם קעניג.

וואַנזען.

און דער קעניג אונז. פערגעסט דאס ניט.

יעטטער.

דאס לאָזט זיך הערען. זאגט אייער מיינונג.

איינינע אַנדערע.

הערט, ער פערשטעהט א געשעפט! א קלוגער יונג!

וואַנזען.

איך האב געהאט אַן אַלטען בעל־הבית, ער האט געהאט א זאמ־לונג פון פּאַרמענטען מיט אַלטע יטיפּטונגען, קאָנטראַקטען און גע־רעכטיגקייטען; ער האט ליעב געהאַט די זעלטענסטע ביכער. אין איי־נעם פון דיעזי איז געווען אונזער גאַנצע קאָנסטיטוציאָן: ווי אזוי אונז ניעדערלענדער האבען פריהער פירסטען רעגיערט, לויט נאָך אַלטע רעכטע, פּריווילעגיען און מנהגים; ווי אזוי אונזערע אבות האבען גע־האט דעם גרעסטען רעספּעקט פאר א פירסט, ווען ער האט רעגיערט ווי עס דאַרף צו זיין; און ווי אזוי זיי האבען זיך באַלד ארומגעקוקט, אזוי גיך ווי ער האט געוואָלט אריבערשפּאַנען וואו מען דאַרף ניט. די שטאַאטען האבען זיך באַלד אויפגעהויבען; ווייל יעדע פּראָווינץ, ווי קליין זי איז געווען, האט זי געהאט איהר אייגענע קאַמער מיט רע־פּרעזענטאַנטען.

סטאָליאָר.

האַלט אייער מויל! דאס ווייס מען שוין פון לאַנג! יעדער אַנ־שטענדיגער בירגער ווייס, אויף וויפיעל ער בענעטהיגט, וואס עס שטעהט אין דער קאָנסטיטוציאָן.

יעטטער.

לאָזט איהם רעדען. מען ערפאהרט תמיד עפּעס מעהר.

זאָגסט.

ער האט רעכט.

מעהרערע.

דערצעהלט, דערצעהלט, אַזא זאַך הערט מען ניט אַלע טאָג.

וואַנזען.

אַזוי זייט איהר בירגער! איהר לעבט נאָר פאר'ן היינטיגען טאג; וועו אַזוי ווי איהר ארבייט דיזעלבע מלאכות ווי אייערע עלטערן, האט איהר אויך געלאָזט די רעגיערונג הערשען איבער אייך ווי זי וויל. איהר פרעגט ניט, וואס עס איז פריהער געווען, איהר ווילט ניט וויסען פון היסטאָריע, איבער דעם רעכט פון א רעגענט; און דערפאר וואס איהר ווייסט גאָר ניט, האבען די שפּאַניער אייך אריבערגעצויגען א נעטץ איבער די אויגען.

זאָגסט.

ווער מען ארט עס, אז מען האט א שטיקעל ברויט.

יעטטער.

צום טייוועל! פאר וואס איז איינער פריהער ניט געקומען אונז דאס אַלעס צו דערצעהלען אין צייט?

וואַנזען.

איך זאג עס אייך יעצט. דער קעניג פון שפּאַניען, וועלכער האט

דיעזע פראָווינצען דורך א גליק אריינגעכאַפּט, דאַרף דאָ ניט שאַלטען און וואַלטען אַנדערש ווי די קליינע פירסטען, וואס זיינען דאָ אַמאָל געוועזן. פערשטעהט איהר דאס?

יעטטער.

ערקלערט עס אונז.

וואַנזען.

עס איז קלאָר ווי דער טאג. דאַרפט איהר ניט בעהאַנדעלט ווערען לויט אייערע לאַנד רעכטע? ווי קומט דאס?

איין בירגער.

געוויס!

וואַנזען.

האט דער בריסעלער ניט אַן אַנדער רעכט ווי דער אַנטווערפּע־נער? דער אַנטווערפּענער ווי דער גענטנער? פאר וואס איז דאס?

אַנדערע בירגער.

ביי גאָט!

וואַנזען.

אבער ווען איהר לאָזט דאס געהען, וועט מען אייך נאָך מעהר טהון. פע, שעהמט זיך! וואס פיליפּ וויל יעצט טהון דורך א פרוי, האט קאַרל דער שטאָלצער, פריעדריך דער קריעגער און קאַרל דער פינפטער ניט געקענט אויפטהון.

זאָגסט.

יאָ, יאָ, די אַלטע פירסטען האבען עס אויך שוין פּראָבירט.

וואַנזען.

אודאי! — אונזערע אבות האבען אבער אכטונג געגעבען. אזוי ביך ווי זיי זיינען נאָר ניט צופריעדען געוועזן מיט זייערן א בעל־הבית,

האבען זיי געכאפּט זיין זוהן און זיין יורש, איהם געהאַלטען ביי זיך אזוי לאנג ביז ער האט זיי בעוויליגט די בעסטע בעדינגונגען. אונזערע אבות זיינען געוועזען מענשען! זיי האבען געוואוסט, וואס זיי נוטצט. זיי האבען געוואוסט עפּעס צו כאַפּען און האַלטען. ריכטיגע מענשען! דערפאר זיינען אבער אויך אונזערע פּריווילעגיען אזוי דייטליך, אונ־זערע פרייהייטען אזוי פערזיכערט.

זייפענמאַכער.

וואס רעדט איהר עפּעס דאָרט פון פרייהייטען?

דאס פאָלק.

פון אונזערע פרייהייטען, פון אונזערע פּריווילעגיען! דערצעהלט אונז עפּעס פון אונזערע פּריווילעגיען.

וואַנזען.

כאָטש אַלע פּראָווינצען האבען זייערע פאָרטהיילע, אבער מיר בראַבאַנטער איבערהויפּט זיינען אַם בעסטען בעוואָרענט. איך האב אַלעס געלעזען.

זאָגסט.

זאגט עס אונז.

יעטטער.

לאָזט נאָר הערען.

איין בירגער.

איך בעט אייך.

וואַנזען.

ראשית שטעהט געשריעבען: „דער הערצאָג פון בראַבאַנט זאָל פאר אונז זיין א גוטער און געטרייער הערר.“

זאָגסט.

גוט! שטעהט עס אזוי?

יעטטער.

פונקט אזוי? איז דאס אמת?

וואנזען.

ווי איך זאג אייך. ער איז צו אונז פערפליכטעט ווי מיר צו איהם. צווייטענס: זאל ער קיין מאכט אדער אייגענעם ווילען בע־ווייזען געגען אונז, לאזען מערקען, אדער דענקען צו ערלויבען אויף קיין שום אופן.

יעטטער.

שעהן! שעהן! ניט בעווייזען אפילו.

זאגסט.

ניט לאזען מערקען.

אן אנדערער.

און ניט דענקען צו ערלויבען! דאס איז דער עיקר, קיינעם ניט ערלויבען, אויף קיין שום אופן.

וואנזען.

מיט אויסדריקליכע ווערטער.

יעטטער.

גיט אונז דאס בוך.

איין בירגער.

יא, מיר מוזען עס האבען.

אנדערע.

דאס בוך! דאס בוך!

אן אנדערער.

מיר וועלען געהען צו דער רעגענטין מיט'ן בוך.

אַן אַנדערער.

איהר זאָלט פאר אונז רעדען, הערר דאָקטאָר.

זייפענמאַכער.

אַך, וואס פאר נאַראָנים!

אַנדערע.

נאָך עפּעס פון בוך!

זייפענמאַכער.

איך וועל איהם אריינהאַקען די צייהן אין האַלז אריין, ווען ער רעדט נאָך אַ וואָרט.

דאס פאָלק.

מיר ווילען זעהען וועך עס טהוט איהם עפּעס. דערצעהלט אונז עפּעס פון די פּריוויליגיען. האבען מיר נאָך עפּעס פּריוויליגיען?

וואַנזען.

עטליכע, און זעהר גוטע, זעהר וואוילע. עס שטעהט אויך: דער הערשער זאָל ניט פערבעסערן אדער פערמעהרען דעם שטאַנד פון די גייסטליכע אָהן דער בעוויליגונג פון דעם אַדעל און די שטאַאטען. מערקט דאס: ער טאָר אויך ניט ענדערן די קאָנסטיטוציאָן.

זאָגסט.

איז דאס טאַקי אזוי?

וואַנזען.

איך וועל עס אייך וויזען געשריעבען פון צוויי און דריי הונ־דערט יאהר.

בירגער.

און מיר ליידען דאס די נייע בישאָפען? דער אדעל מוז אונז בעשיטצען, ווען ניט וועט זיין זעהר מיאוס.

אַנדערע.

און מיר ערלויבען דאס געסטראַשעט צו ווערען פון דער אינ־קוויזיציאָן?

וואַנזען.

דאס איז אייער אייגענע שולד.

דאס פאָלק.

מיר האבען נאָך עגמאָנט'ן! מיר האבען נאָך אָראַניען! זיי וועלען פאר אונז זאָרגען פאר'ן בעסטען.

וואַנזען.

אייערע ברידער אין פלאַנדערן האבען פאר אייך אָנגעפאַנגען די גוטע ארבייט.

זייפענמאַכער.

דו הונד!

(ער שלאָגט איהם.)

אַנדערע (שטעלען זיך אַנטקעגען).

ביסטו אויך א שפּאַניער?

אַן אַנדערער.

וואס? דעם עהרענמאַן?

אַן אַנדערער.

דעם געלערענטען?

(זיי בעפאַלען דעם זייפענמאַכער.)

סטאָליאַר.

אום גאָטעס ווילען, זאָל זיין שטיל! (אַנדערע מישען זיך אין דער מחלוקה.) בירגער, וואס איז דאס?

(אינגלעך פייפען, ווארפען מיט שטיינער, רייצען די הינט, בירגער שטעהען און קוקען, פאָלק לויפט צו, אנדערע שפּאַצירען רוהיג ארויף און ארונטער, אנדערע מאכען חוזק, שרייען און לאכען.)

אַנדערע.

פרייהייט און פּריווילעגיען! פּריווילעגיען און פרייהייט!

עגמאָנט (ערשיינט מיט בעגלייטונג).

רוהיג, רוהיג, מענשען! וואס איז דאָ? רוהיג! צוטהיילט זיי!

סטאָליאר.

גנעדיגער הערר, איהר קומט ווי א מלאך פון הימעל. שטיל, זעהט איהר ניט, אז גראף עגמאָנט איז דאָ? רעספּעקט פאר גראף עגמאָנט!

עגמאָנט.

אויך דאָ? וואס טהוט איהר? בירגער געגען בירגער? האלט זאָגאר די נאָהענטקייט פון אונזער קעניגליכער רעגענטין ניט צוריק דיעזע נאַרישקייטען? געהט, געהט יעדער צו זיין ארבייט. עס איז א שלעכטער סימן ווען ביי אייך איז יום־טוב אין אַן ארבייטס־טאג. וואס איז דאָ געווען?

(די מהומה שטילט זיך, און אלע שטעלען זיך ארום איהם.)

סטאָליאר.

זיי שלאָגען זיך פאר זייערע פּריווילעגיען.

עגמאָנט.

וועלכע זיי ווילען נאָך במזיד צוברעכען! — און ווער זייט איהר? איהר זעהט אויס צו זיין גאַנץ אָנשטענדיגע מענשען.

סטאָליאַר.

צו דעם שטערבען מיר אויך.

עגמאָנט.

וואס איז אייער בעשעפטיגונג?

סטאָליאַר.

סטאָליאַר און מייסטער.

עגמאָנט.

און איהר?

יעטטער.

שניידער.

עגמאָנט.

איהר דערמאָהנט מיך, אז איהר האט געארבייט ביי די ליוורעען פון מיינע לייט. איהר הייסט יעטטער.

יעטטער.

מערקווירדיג ווי אייער גנאַדען געדענקט דאס.

עגמאָנט.

איך פערגעס קיינעם ניט אזוי גרינג, וועמען איך האב איינמאָל געזעהען און גערעדט צו איהם. — הערט אויס, וואס איהר קענט טהון זיך צו האַלטען רוהיג, זאָלט איהר טהון; מען האַלט אייך שוין פאר שלעכט גענוג. רייצט מעהר ניט דעם קעניג, ווייל צו אַלע לעצט האט ער די מאַכט אין די הענד. אן אָרענטליכער בירגער, וועלכער ערנעהרט זיך עהרליך און פלייסיג, האט איבעראַל אזוי פיעל פרייהייט ווי ער בענעטהיגט.

סטאָליאַר.

אָה יא, דאס איז טאַקי אונזער אונגליק. די גנבים, די שיכורים, די פויללענצער, מיט רעספּעקט פאר אייער גנאַדען, זיינען פערשטונ־

קען געוואָרען פון לאַנגוויילינקייט, זיי וואויוועז אוים הונגער נאָך פּריווילעגיעס און זאגען פאָר ליעגען פאר די נייגיעריגע און לייכט־גלויביגע, כדי זיי זאָלען קריעגען א קאַן ביער, דאַן פאנגען זיי אָן מהומות, וואס מאכען אונגליקליך פיעלע טויזענד מענשען. דאס איז ביי זיי רעכט. מיר האַלטען גוט בעשיצט אונזערע הייזער און קאַס־טענס; זיי וואָלטען וועלען אונז פון דאָרט אוועקטרייבען מיט פייער־בראַנדען.

## עגמאָנט.

איהר זאָלט קריעגען יעדע הילף; מען האט שוין בעוואָרענט צו קענען בעגעגענען די צרה. שטעהט פעסט געגען די פרעמדע לעהרע, און גלויבט ניט, אז דורך אויפרוהר בעפעסטיגט מען פריווילעגיעס. בלייבט צו הויז; דרעהט זיך ניט ארום אין די גאַסען. קלוגע מענשען קענען פיעל טהון.

(דערווייל זיינען זיך אָנגעלאָפען פיעלע מענשען.)

## סטאָליאַר.

מיר דאַנקען אייער עקסעלענץ פאר די גוטע מיינונג. מיר וועלען טהון אלעס מעגליכע. (עגמאָנט אב.) א גנעדיגער הערר! ער איז אַן עכטער ניעדערלענדער! עפּעס גאָר ניט קיין שפּאַנישעס!

## יעטטער.

ווען ער וואָלט נאָר געווען דער רעגענט! מען וואָלט איהם מיט פערגניעגען געפאָלגט.

## זאָגסט.

דאס טהוט שוין דער קעניג ניט. ער בעזעטצט דעם פּלאַטץ מיט די זייניגע.

## יעטטער.

האסטו געזעהען דעם אַנצוג? עס איז נאָך דער נייעסטער מאָדע, נאָך שפּאַנישען שנים.

סטאַליאַר.

אַ שעהנער הערר!

יעטטער.

זיין האַלז וואָלט געווען אַ פיינער צימעס פאַר אַ תליון.

זאָגסט.

ביסטו משוגע? וואס פאַלט דיר איין?

יעטטער.

דום גענוג, ווען איינעם פאַלט איין אַזאַ זאַך. — אַזוי איז עס מיר איצטער. ווען איך זעה אַ שעהנעם, לאַנגען האַלז, מוז איך, געגען מיין ווילען, דענקען, אַז דער איז גוט צו קעפּען. — די פערפלוכטע הינריכ־טונגען זיי געהען ניט ארוים פון קאָפּ. ווען די יונגע לייט שווימען און איך זעה אַ נאַקעטען רוקען, קומען מיר באַלד אויפ'ן זינען די טוצענדער וואס איך האב געזעהען קאַטעווען. ווען איך זעה עפּעס אַזוי אַ רעכטען מענשען, מיין איך, אַ איך וועל איהם שוין זעהען זיך בראָטען אויפ'ן פייער. ביי נאַכט, אין חלום, שווידערט עס מיך אין אַלע גליעדער; מען קען גאָר ניט האבען קיין שטונדע נחת. יעדען חשק, יעדען שפּאַס האב איך שוין באַלד פערגעסען. די שרעקליכע געשטאַלטען זעהען אוים ווי אויסגעברענט אין מיין געהירן.



# עגמאָנט׳ס וואָהנונג.

סעקרעטער.

(זיטצט ביי א טיש מיט פּאַפּירען, שטעהט אויף אונרוהיג.)

ער קומט נאָך אַלץ ניט, און איך וואַרט שוין צוויי שטונדען, האַלטענדיג די פעדער אין דער האַנד און די פּאַפּירען פאַר מיר. גראַדע היינט וואָלט איך וועלען פריהער אַוועקגעהען. עס ברענט מיר אונטער די פּאַדעשוועס. איך קען קוים בלייבען פאַר אונגעדולד. „זיי פּינקטליך צו דער שטונדע,״ האט ער מיר בעפוילען איידער ער איז אוועקגע־גאַנגען. איצט קומט ער נימ. עס איז דאָ אַזוי פיעל צו טהון, אַז פאַר האַלבע נאַכט וועל איך גאָר ניט פאַרטיג ווערען. ער קוקט אפילו פיעלע מאָל אוועק פון חסרונות, פון דעסטוועגען וואָלט איך וועלען ער זאָל זיין שטרענגער, כדי ער זאָל אָבלאָזען צו א בעשטימטער צייט. מען וואָלט דאס שוין געקענט גאַנץ גוט איינריכטען. עס איז שוין צוויי שטונדען זייט ער איז אוועק פון דער רעגענטין. איך ווייס ווער ער האט אונטערוועגס בעגעגענט?

עגמאָנט (ערשיינט).

אַלזאָ, ווי האַלט עס?

סעקרעטער.

איך בין פאַרטיג און דריי שלוחים וואַרטען.

עגמאָנט.

איך בין אביסעל צו לאַנג געבליעבען; דו מאַכסט א קרום פּנים.

סעקרעטער.

צו פאָלגען אייער בעפעהל, ווארט איך שוין לאנג. דאָ זיינען די פאפירען.

עגמאָנט.

דאָנא עלווירא וועט אויף מיר זיין ברוגז, ווען זי וועט וויסען, אז איך האב דיך אויפגעהאלטען.

סעקרעטער.

איהר מאכט שפאס.

עגמאָנט.

ניין, ניין, שעהם דיך ניט. דו ווייזט, אז דו האסט א גוטען גע־שמאק; זי איז שעהן; און מיר איז עס גאַנץ רעכט, ווען דו האסט דיר אויפגעזוכט א פריינדין אין שלאָס. וואס זאגען די בריעף?

סעקרעטער.

פערשיעדענעס און װעניג פרעהליכעס.

עגמאָנט.

דאס איז גוט, וואס מיר האבען די פריינד אין הויז; מען דארף זיי דערפאר ניט ערווארטען פון דרויסען. איז דאָ פיעל צו טהון?

סעקרעטער.

גענוג, און דריי שלוחים ווארטען.

עגמאָנט.

זאג מיר דאס נעטהיגסטע.

סעקרעטער.

דאכט זיך, אלעס איז נעטהיג.

עגמאָנט.

איינס נאָך'ן אנדערן, נור געשווינד.

סעקרעטער.

הויפּטמאַן ברעבאָ טהיילט מיט, וואס עס האט זיך ווייטער געטהון אין גענט און אין דער סביבה. די מהומה איז מייסטענס געשטילט.

עגמאָנט.

ער בעריכטעט אודאי איבער אינדיווידועלע נארישע העלדיש־קייטען?

סעקרעטער.

יא, עס קומט פאָר נאָך פערשיעדענעס.

עגמאָנט.

פערשוין מיך דערמיט.

סעקרעטער.

נאָך זעקס, וואס האבען ארונטערגעריסען דאס מאריא בילד, זיינען ארעסטירט געוואָרען. ער פרעגט, אויב ער זאָל זיי, ווי די אנ־דערע לאָזען אויפהיינגען?

עגמאָנט.

איך בין שוין מיעד פון היינגען. זאָל מען זיי גוט אָנשמייסען און לאָזען געהען.

סעקרעטער.

עס געפינען זיך צוויי ווייבער צווישען זיי. זאָל ער זיי אויך שמייסען?

עגמאָנט.

די מעג ער וואָרענען און לאָזען לויפען.

סעקרעטער.

ברינק פון ברעבא'ס קאָמפּאניע וויל הייראטהען. דער הויפּטמאַן האָפט, אז איהר וועט עס ניט ערלויבען. עס זיינען שוין דאָ דאָרט אזוי

פיעלע ווייבער, שרייבט ער, אזביים אויסמארשירען זעהט עס ניט אוים ווי א סאָלדאטען־מארש, נאָר ווי א ציגיינער־שלעפעריי.

## עגמאָנט.

דאס וועלען מיר לאָזען אויף שפּעטער. ער איז א שעהנער יונגער מאַן. ער האט מיך שטארק געבעטען איידער איך בין אוועקגעגאנגען. אבער דאס זאָל זיין צום לעצטען מאָל; כאָטש מיר טהוט עס לייד, וואס איך דארף אוועקנעהמען דעם בעסטען שפּאס פון די געפלאגטע ארעמע קערלען.

## סעקרעטער.

צוויי פון אייערע לייט, סעטער און הארט, האבען שלעכט בעהאנ־דעלט א מיידעל, א ווירטה׳ס טאָכטער. זיי האבען זי געכאפּט אליין און זי האט זיך ניט געקענט וועהרען.

## עגמאָנט.

ווען זי איז געוועזען אן עהרליך מיידעל און זיי האבען געברויכט געוואָלט, דאן זאָל מען זיי, דריי טעג דורכאנאנד, שמייסען מיט ריטער, און ווען זיי פערמאָגען עפּעס, זאָל מען עס איהר אוועקגעבען פאר נדן.

## סעקרעטער.

איינער פון די פרעמדע לעהרער איז געגאנגען היימליך דורך קאָמינעס און איז געכאפּט געוואָרען. ער שווערט, אז ער האט געוואָלט געהען קיין פראנקרייך. לויט בעפעהל, זאָל ער געקעפּט ווערען.

## עגמאָנט.

מען זאָל איהם אין דער שטיל ברענגען צו דער גרענעץ, און איהם אָנזאגען, אז ער זאָל עס צום צווייטען מאָל ניט טהון.

## סעקרעטער.

א בריעף פון אייער פערוואלטער. ער שרייבט, אז עס קומט וועניג

געלד אריין ; ער קען שווערליך אייך שיקען דאס געלד ביז צו דער וואָך. דער אויפשטאנד האט געבראכט איבעראל די גרעסטע מהומה.

עגמאָנט.

דאס געלד מוז דאָ זיין. ער זאָל זעהען עס צוזאמענברענגען.

סעקרעטער.

ער זאגט, אז ער וועט טהון אלעס מעגליכע, און וויל נאָך רייר־מאָנד'ן, וועלכער איז אייך אזוי לאנג א בעל־חוב, פערקלאגען און ארעסטירען.

עגמאָנט.

ער האט דאָך אבער פערשפּראכען צו בעצאהלען ?

סעקרעטער.

צום לעצטען מאָל, האט ער אליין בעשטימט פערצעהן טעג.

עגמאָנט.

זאָל ער איהם ווארטען די פערצעהן טעג, און דאן זאָל ער זיך נעהמען צו איהם.

סעקרעטער.

איהר האט רעכט ; עס איז ניט וויל ער האט קיין געלד ניט, נאָר עס איז א בייזער ווילען. ער וועט שוין ווערען ערנסט, ווען ער וועט זעהען, אז איהר שפּאַסט ניט. — ווייטער זאגט דער פערוואלטער : ער וויל פון די אַלטע סאָלדאטען, די אלמנות און די אַנדערע, וועמען איהר צאהלט גנאדען־געהאלט, צוריקהאלטען די צאהלונג פאר א האלבען מאָנאט. מען קען זיך דערווייל אָן עצה געבען. זיי קענען זיך אזוי איינריכטען.

עגמאָנט.

וואס איז דאָ איינצוריכטען ? די מענשען דארפען דאס געלד נעטהיגער ווי איך. זאָל ער דאס לאָזען צורוה.

סעקרעטער.

פון וואנען בעפעהלט איהר דען זאָל ער נעהמען דאס געלד?

עגמאָנט.

דארויף זאָל ער דענקען. אין פאָריגען בריעף איז איהם שוין מיט־געטהיילט געוואָרען.

סעקרעטער.

דערפאר מאכט ער די פאָרשלעגע.

עגמאָנט.

זיי טויגען ניט. זאָל ער עפּעס אנדערש אויסטראכטען. זאָל ער מאכען פאָרשלעגע, וואס מען קען אָננעהמען, און, פאר אלעמען, זאָל ער שאַפען דאס געלד.

סעקרעטער.

איך האב דעם גראף אָליוואַ'ס בריעף ווידער דאָ אוועקגעלעגט. פערצייהעט, וואס איך דערמאָהן אייך אן דעם. דער אלטער פערדיענט, פאר אלעמען, אן אויספיהרליכע תשובה. איהר זאָלט איהם אליין שרייבען. געוויס, ער ליעבט אייך ווי א פאטער.

עגמאָנט.

איך קען עס ניט טהון. און צווישען פיעלעס פערהאסטע, איז מיר דאס שרייבען דאס פערהאסטעסטע. דו קענסט גוט נאָכמאכען מיין האנדשריפט, שרייב אין מיין נאמען. איך ערוואַרט אָראַגיען, איך קען עס ניט טהון. דאָך ווינש איך, עס זאָל צו איהם געשריעבען ווערען עפּעס בערוהיגענדעס.

סעקרעטער.

זאגט מיר אונגעפעהר וואס איהר ווילט; איך וועל שוין די תשובה פערפאסען און אייך פאָרלעזען. געשריעבען זאָל זי ווערען, אז זי זאָל קענען פאר'ן געריכט דיענען אלס אייער האנדשריפט.

עגמאָנט.

גיב מיר דעם בריעף. (נאכדעם ווי ער האט אריינגעקוקט.) גוטער, עהרליכער אלטער! ביסטו אין דיין יוגענד אויך געוועזן אזוי פאָרזיכ־טיג? האסטו קיינמאָל ניט בעשטיעגען א וואנט? ביסטו געבליעבען אין דער שלאכט פון הינטען, ווי די חכמה ראטה? — דער טרייער בעזאָרגטער, ער וויל מיין לעבען און מיין גליק, און ער פיהלט ניט, אז דער איז שוין טויט, וואס לעבט בלויז צוליעב זיין זיכערהייט. — שרייב איהם, אז ער זאָל זיך ניט זאָרגען; איך האנדעל ווי איך דארף, און איך וועל שוין אכטונג געבען אויף מיר. זאָל ער געברויכען זיין איינ־פלוס אין הויף און ער מעג זיכער זיין מיט מיין דאנק.

סעקרעטער.

מעהר ניט? ער ערוואָרטעט נאָך עפּעס.

עגמאָנט.

וואס נאָך זאָל איך זאגען? אויב דו ווילסט מעהר ווערטער שריי־בען, שטעהט עס אין דיינע הענד. דער עיקר איז: איך זאָל לעבען ווי איך וויל ניט לעבען. אז איך בין פרעהליך, נעהם אויף אלעס גאנץ גרינג און לעב שנעל, דאס איז מיין גליק; און איך וועל דאס ניט פערבייטען אויף דער זיכערהייט פון א קבר. מיין בלוט רעוואָלטירט געגען דעם שפּאנישען מין לעבען; איך האב קיין חשק ניט צו רעגו־לירען מיינע בעוועגונגען לויט די מאסרעגלען פון דעם הויף. לעב איך נאָר פון דעם לעבען צו דענקען? זאָל איך פון דעם יעצטיגען אויגענ־בליק ניט געניסען כדי איך זאָל זיין מיט'ן צווייטען אויגענבליק? און דאן יענעם אויך מיט זאָרג און יסורים פערברענגען?

סעקרעטער.

איך בעט אייך, הערר, זייט ניט אזוי הארט און בייז געגען דעם אלטען מאַן. איהר זייט, ווי געוועהנליך, פריינדליך צו אלעמען. זאגט מיר א גוט וואָרט, וואס זאָל בערוהיגען דעם עדעלען פריינד. זעהט ווי פאָרזיכטיג ער איז, ווי גרינג ער בעריהרט אייך.

### עגמאָנט.

און דאָך בעריהרט ער אימער דיעזע סטרונע. ער ווייס שוין פון לאַנג, אז איך האָס אזעלכע דערמאָהנונגען; זיי פערווירען מיך, זיי העלפען ניט. און ווען איך וואָלט געוועזן א נאַכטוואַנדלער און שפּאַצירט ארום אויפ'ן העכסטען שפּיטץ פון א הויז, איז עס פריינדשאַפטליך מיך אָנצורופען ביים נאָמען און מיך ווארענען און מיך וועקען און טויטען? זאָל יעדער געהען אויף זיין וועג און זיך היטען.

### סעקרעטער.

אייך פּאַסט עס איהר זאָלט זיך ניט זאָרגען, אבער ווער עס קען און ליעבט אייך —

### עגמאָנט (בליקענדיג אין בריעף).

דאָ ברענגט ער ווידער פאָר די אַלטע מעשה, וואס מיר האבען אין אן אבענד פון פרעהליכקייט און פערגעסענהייט און פון וויין, געטהון און גערעדט, און וואס מען האט פון דעם ארויסגענומען און צוטראגען איבער'ן גאַנצען קעניגרייך. — אַלזאָ מיר האבען געהאט א קאָפּ און גלעקלעך איינגעשלייפט אין די אָרבעל פון אונזערע דיענער'ס ליווריען און נאכדעם האבען מיר דיעזע משוגעת אויסגעביטען אויף א בינטעל פיילען; — נאָך א געפעהרליכערער סימבאָל פאר יענע, וועלכע ווילען אויסטייטשען וואס עס האט קיין בעדייטונג ניט. מיר האבען דיעזע און אַנדערע נאררישקייטען עמפּפאַנגען און געברויכט אין א לוסטיגען אויגענבליק; עס איז געוועזן אונזער פאָרשלאַג, דאס א מחנה עדעללייט מיט בעטלער-טאָרבעס און אן אליין-געגעבענעם צונאָמען, מיט שפּאָטישער הכנעה האט דערמאָהנט דעם קעניג אן זיינע פליכטען; עס איז געוועזן ווייטער אונזער פאָרשלאַג — אַלזאָ, וואס בעדייטעט דאס? ווערט אן אַמוירונגס שפּאַס אויפגעלעגט אין הויכפערראַטה? פערגינט מען אונז אפילו ניט די עטליכע שמאַטעס, מיט וועלכע א יונגער גייסט און צוהיצטע איינבילדונג וויל בעציערען די אָרעמע נאַקעטקייט פון לעבען? ווען איהר נעהמט דאס לעבען צו ערנסט, וואס האט עס דאן ווערטה? ווען דער מאָרגען וועקט אונז ניט צו נייע פריידען, ווען אין אָבענד בלייבט אונז ניט איבער קיין

לוסט צום האָפען, האט עס דען אפילו ווערטה זיך אוים און אָנצוטהון? שיינט די זונן היינט דערפאר כדי איך זאָל איבערלעגען וואס נעכטען איז געווען? אז איך זאָל מיך אנשטרענגגען צו זעהען, וואס מען קען ניט פאראויסזעהען און ניט קאָנטראָלירען, דאס איז דאס שיקזאל פון מאָרגען? לאָז מיך צורוה, מיר וועלען דאס אלעם בעסער איבערלאָזען פאר שילער און הויפליים. זיי מעגען דענקען און טראכטען, קריכען אהין און אהער, דערגרייכען וואוהין זיי קענען, אָנכאפּען וואס זיי קענען. — אויב דו קענסט פון אלעם דעם עפּעס ברויכען, אז דיין בריעף זאָל ניט ווערען קיין בוך, דאַן טהו עס. דעם גוטען אלטען שיינט אלעס פאר וויכטיג. אָט דאס איז מיט דעם פריינד, וועלכער האט לאַנג גע־האלטען אונזער האנד, דריקט ער זי נאָך שטארקער, איידער ער לאָזט זי אָב.

סעקרעטער.

פערצייהעט מיר, דעם פוסגעהער הייבט אָן צו שווינדלען פאר די אויגען, ווען ער זעהט פאר זיך א מענש מיט ווילדער איילענים פארביישוועבען.

עגמאָנט.

קינד! קינד! גענוג! ווי געפּיהרט פון אונזיכטבארע גייסטער טראגען די זונען־פערד פון דער צייט פאָרווערטס דעם גרינגען וואגען פון אונזער מזל; אונז בלייבט קיין אנדערע זאַך איבער צו טהון, אויסער מוטהיג פעסטצוהאלטען די צוים, און באלד רעכטס, באלד לינקס, פון שטיינער און טהאלען אָבצוקירעווען די רעדער. וואוהין עס געהט, ווער וויים עס? מען דערמאָהנט זיך קוים פון וואַנען מען קומט!

סעקרעטער.

הערר! הערר!

עגמאָנט.

איך שטעה הויך און קען און מוז נאָך העכער שטייגען; איך פיהל אין מיר האָפנונג, מוטה און קראפט. איך האב נאָך ניט דער־

גרייכט דעם ציעל פון מיין וואקסען; און ווען איך וועל אמאל אויבען שטעהען, דאן וויל איך שטעהען פעסט, ניט ציטערן. וועל איך אבער פאלען, דאן קען א דונערשלאג, א שטורמווינט, יא, אפילו א פער־פעהלטער שריט מיך ארונטערשליידערן אין תהום; דארט וועל איך ליעגען מיט טויזענדער אנדערע. איך האב מיך קיינמאל ניט אבגע־זאגט, מיט מיינע גוטע קריעגס־חברים פאר א קליינעם געווינס צוווארפען דעם בלוטיגען גורל; און זאל איך צעגערן, ווען עס האנדעלט זיך אום דעם גאנצען פרייען ווערטה פון לעבען?

## סעקרעטער.

אך, הערר, איהר ווייסט ניט וואס פאר ווערטער איהר רעדט. גאט זאל אייך בעשיטצען!

## עגמאנט.

נעהם צונויף דיינע פאפירען. אראניען קומט. פארטיג אוים וואס עס איז נעטהיגער, כדי די שלוחים זאלען קענען אוועק איידער די טויערן ווערען געשלאסען. דאס איבריגע האט צייט. דעם בריעף צום גראף לאז ביז מארגען. פערזאם ניט צו בעזוכען עלווירא׳ן און גרים זי פון מיר. — געפין אוים וואס די רעגענטין מאכט; איך האב געהערט, אז זי פיהלט עפעס ניט גוט, כאטש זי ווייזט עס ניט ארוים.

(סעקרעטער אב.)

(אראניען ערשיינט.)

## עגמאנט.

ווילקאמען אראניען, איהר זעהט מיר עפעס ניט אוים גאנץ אויפ־געלעגט?

## אראניען.

וואס זאגט איהר צו אונזער אונטערהאלטונג מיט דער רע־גענטין?

## עגמאָנט.

איך האב ניט געזעהען קיין אויסערגעוועהנליכעס אין איהר אויפ־נאהמע פאר אונז. איך האב זי שוין אָפט אזוי געזעהען. זי זעהט אויס ניט גוט צו פיהלען.

## אָראַניען.

האט איהר זיך ניט געמערקט, אז זי איז געווען עפּעס צוריקגע־האַלטענער? זי האט אָנגעפאַנגען מיט א פּאָרזיכטיגער צושטימונג צו אונזער האַלטונג ביי דעם נייעם אויפרוהר פון די מאַסען; נאכדעם האט זי אויך געבליקט צו דער פאַלשער זייט, אין וועלכער מען קען עס בעטראַכטען; דאַן איז זי אוועק מיט איהר געשפּרעך צו איהר אַלטען געוועהנליכען ויכוח: אז מען גיט ניט אָב דעם ריכטיגען ווערטה צו איהר גוטער בענעהמונג, צו איהר פריינדשאַפט פאר אונז ניעדערלענדער, אז קיין זאך לאָזט זיך ניט אויס ווי מען וויל. דאס זי וועט צום סוף מיעד ווערען, און דער קעניג וועט זיך מוזען נעהמען צו אַנדערע מאַסרעגלען. האט איהר דאס געהערט?

## עגמאָנט.

ניט אַלעס. בשעת דעם האב איך געטראַכט אָן עפּעס אַנדערש. מיין גוטער אָראַניען, זי איז א פרוי, און זי וואָלט שטאַרק וועלען, אז אַלעס זאָל זיך אונטערלעגען צו איהר זאַנפטען איך, אז יעדער הערקו־לעס זאָל אַבלעגען די לייבען־פעל און ווערען איהר אונטערגעבענער; און ווייל פרויען זיינען אליין געניינט צו פריעדען, שטעלט זי זיך פאָר, אז דער אויפרוהר, וואס כאַפּט אָן א נאַציאָן, דער שטורם, וואס ווערט ארויסגערופען פון צוויי געגנער, קען געשטילט ווערען דורך איין בערו־היגענדעס וואָרט, און די קריעגערישעסטע עלעמענטען קענען זיך רוהיג פעראייניגען צו זייערע פיס. אָט דאס איז עס; און אזוי ווי זי קען עס ניט ברענגען ביז אהין, מוז זי פערלירען איהר גוטע לוינע, זיך בעקלאַגען איבער אונדאַנקבאַרקייט, איבער אונקלוגהייט, און סטראַ־שען מיט שרעקליכע אויסזיכטען אין דער צוקונפט, און סטראַשען, — אז זי וועט אוועק פון דאַנען.

ארַאניען.

גלויבט איהר ניט יעצט, אז איהר סטראַשונקע וועט ערפילט ווערען?

עגמאַנט.

קיינמאָל ניט! ווי אָפט, מיינט איהר, האב איך זי שוין געזעהען רייזע־פארטיג? וואוהין וועט זי געהען? דאָ איז זי שטאַטהאַלטערין, קעניגין; דענקט איהר, אז זי וואָלט געקענט אַמוזירען צו פערברענגען אונבעדייטענדע טעג אין איהר ברודער׳ס הויף? אדער זאָל זי פאהרען קיין איטאַליען און זיך דאָרט ארומשלעפּען מיט איהר פאמיליע?

ארַאניען.

מען האַלט זי ניט פעהיג אויף אַזאַ שריט, ווייל איהר האט זי שוין געזעהען צעגערן און זיך צוריקציהען. פון דעסטוועגען, איז זי אַזאַ פערזאָן, וואס קען נעהמען אַזאַ שריט. יעצט קענען אומשטענדען זי צווינגען דאס צו טהון. וואס וואָלט זיין, ווען זי זאָל אוועק און דער קעניג זאָל שיקען אַן אַנדערן?

עגמאַנט.

ער וועט קומען און אויך געפינען וואס צו טהון. ער וועט אודאי קומען מיט גרויסע פּלענער, פּראָיעקטען און געדאַנקען, ווי אַזוי ער קען אַלעס ברענגען אין אָרדנונג; ער וועט היינט צו טהון האבען מיט איין קלייניגקייט, מאָרגען מיט אַן אַנדערער, איבערמאָרגען וועט ער געפינען יענע שטערונג, אַ מאָנאַט וועט ער פערברענגען מיט פּלענער, אַן אַנדערן מיט פערדרוס איבער די פערפעהלטע אונטערנעהמונגען, און אַזוי וועט פאראיבער אַ האַלב יאהר מיט זאָרג איבער איין איינציגער פּראָווינץ. אויך איהם וועט די צייט פערגעהען, דער קאָפּ שווינדלען, און וואס עס איז געווען פריהער וועט שפּעטער אויך זיין. אנשטאט דעם, וואס ער וועט פּלאַנעווען דורכצוקרייצען ווייטע ימים מיט זיין שיף, וועט ער צופריעדען זיין זיך צו ראַטעווען, ביים ערשטען שטורם, פון אַ פעלזען.

ארַאַניען.

וואס וועט אבער זיין, ווען מען וועט ראטהען דעם קעניג צו מאַכען א פּראָבע?

עגמאָנט.

וואס מיינט איהר?

אָראַניען.

צו זעהען וואס דער גוף קען אויפטהון אָהן א קאָפּ?

עגמאָנט.

וואס הייסט?

אָראַניען.

עגמאָנט, אונזערע אינטערעסען האבען זייט יאהרען געדריקט מיין הארץ. איך שטעה אימער ווי איבער א שאך־ברעט און בעטראכט קיין צוג פון מיין געגנער אלס אונבעדייטענד; און ווי וויסענשאפט־ליבע מענשען שטודירען דורך די געהיימניסע פון דער נאטור, אזוי רעכען איך עס פאר מיין פליכט, יא, אלס די פּראָפעסיאָן פון א פּרינץ, זיך צו בעקענען מיט די ציעלען און אבזיכטען פון אלע פּארטייען. איך האב אורזאַכען מורא צו האבען פאר אן אויסברוך. דער קעניג האט לאַנג געהאַנדעלט לויט געוויסע פּרינציפּען; ער האט אויסגעפונען, אז זיי האבען ניט געפיהרט צו א געווינשטען רעזולטאַט. וואס קען נאָך זיין וואהרשיינליכער, אז ער זאָל יעצט וועלען פּרובירען א גאַנץ אַנדערן וועג?

עגמאָנט.

איך גלויב עס ניט. ווען א מענש ווערט אַלט, ווען ער האט פיעלעס פּרובירט און ער געפינט אויס, אז די וועלט בעוועגט זיך אַלץ ניט ווי ער וויל, דאַן ווערט ער מיעד סוף־כל סוף.

אָראַניען.

איינס האט ער נאָך ניט פּרובירט.

עגמאָנט.

וואס?

אָראַניען.

צו שוינען דאס פאָלק און פערניכטען די פרינצען.

עגמאָנט.

וויפיעלע האבען שוין דערפאר מורא געהאט? מען דארף זיך ניט שרעקען.

אָראַניען.

אמאָל האב איך געפיהלט אונזיכער; דאַן בין איך געוואָרען פערדעכטיג; פערדאכט האט זיך ענדליך פערוואַנדעלט אין זיכערהייט.

עגמאָנט.

האט דער קעניג געטרייערע דיענער ווי אונז?

אָראַניען.

מיר דיענען דעם קעניג אויף אונזער אופן; און צווישען אונז גע־רעדט, ווייסען מיר, ווי אויסצוגלייכען אונזערע אינטערעסען מיט דיעזע פון דעם קעניג.

עגמאָנט.

און ווער טהוט עס ניט? מיר זיינען איהם אונטערטהעניג אויף אזוי וויים ווי איהם קומט.

אָראַניען.

אבער ווען ער זאָל זאגען, אז איהם קומט מעהר, און ער זאָל אָנ־רופען ניט־געטריי זיין, וואס מיר האַלטען פאר אונזערע רעכטע.

עגמאָנט.

מיר וועלען דאַן וויסען, ווי זיך צו פערטהיידיגען. זאָל ער צוזאַ־מען רופען די ריטער פון גאָלדענעם פליעס און מיר וועלען זיך אונ־טערגעבען צו זייער אורטהייל.

אָראַניען.

וואס וועט זיין ווען דער אורטהייל וועט ארויסקומען פאר דער אונטערזוכונג און די שטראף פאר'ן אורטהייל?

עגמאָנט.

אן אונגערעכטיגקייט, אין וועלכער פיליפ וועט זיך קיינמאָל ניט מאכען שולדיג; א נאררישקייט, וואס מען דארף ניט צוגעטרויען ניט איהם און ניט זיינע יועצים.

אָראַניען.

און וואס וועט זיין, ווען זיי וועלען דאָך זיין אונגערעכט און נארריש?

עגמאָנט.

ניין, אָראַניען, עס איז ניט מעגליך. ווער וועט וואגען אויף אונז צו לעגען די האנד? אונז צו פאנגען, וואָלט געווען א פערלוירענע און אומזיסטיגע אונטערנעהמונג. זיי וועלען ניט וואגען אויפצוהייבען אזוי הויך די פאהן פון טיראַניי. דער ווינט־הויך, וואס דאס וואָלט פערברייטעט איבער'ן לאַנד, וואָלט צופלאַקערט א גרויסע שרפה. און וואס ווילען זיי? אורטהיילען און פערדאַמען קען אפילו דער קעניג ניט; וועלען זיי הינטערוויילעכס רויבען אונזער לעבען? — דאס קען ניט זיין. א שרעקליכער בונד וואָלט אויף איינמאָל פעראייניגט דאס פאָלק. האס און אייביגע אבטהיילונג פון דעם שפּאַנישען נאמען וואָלט זיך אויף איינמאָל מיט געוואלט ערקלערט.

אָראַניען.

די פלאַמען וואָלטען דאן געוויטהעט איבער אונזערע קברים, און דאס בלוט פון אונזערע שונאים וואָלט דאן געפלאָסען אין אן אומזיסטיגען קרבן־חטאת. לאָמיר עס איבערדענקען, עגמאָנט.

עגמאָנט.

אבער ווי קענען זיי דאס טהון?

אָראַניען.

אַלווא איז אונטערוועגס.

עגמאָנט.

איך גלויב עס ניט.

אָראַניען.

איך ווייס עס.

עגמאָנט.

די רעגענטין האט אויסגעזעהען ניט צו וויסען.

אָראַניען.

אַלץ בעסער בין איך איבערצייגט. די רעגענטין וועט פאר איהם מאכען פּלאַטץ. זיין בלוט־דורשטיגקייט קען איך, און ער ברענגט אויך מיט זיך אַן ארמעע.

עגמאָנט.

צו בעלעסטיגען די פּראָווינצען אויף'ס ניי? דאס וועט ארויס־רופען נאָך מעהר ערביטערונג צווישען פאָלק.

אָראַניען.

מען וועט די פיהרער כאַפּען.

עגמאָנט.

ניין! ניין!

אָראַניען.

לאָמיר אוועק יעדער אין זיין פּראָווינץ. דאָרט וועלען מיר זיך בעפעסטיגען. מיט אָפענער מאַכט וועט ער זיך ניט אָנהייבען.

עגמאָנט.

דארפען מיר איהם ניט בעגריסען ווען ער קומט?

אָראַניען.

מיר ווע‏לען עס אויסמיידען.

עגמאָנט.

און ווען ער וועט אונז רופען, אין נאמען פון קעניג, צו זיין אנ־קונפט?

אָראַניען.

וועלען מיר זוכען תירוצים.

עגמאָנט.

און ווען ער פאָדערט?

אָראַניען.

ענטשולדיגען מיר אונז.

עגמאָנט.

און ווען ער וויל עס דוקא?

אָראַניען.

דאַן פאָלגען מיר ערשט ניט.

עגמאָנט.

און דער קריעג איז ערקלערט, און מיר וועלען הייסען רעבעלען. אָראַניען, לאָז דיך ניט פערפיהרען דורך קלוגהייט: איך ווייס, אז מורא שטעהט דיר ניט אין וועג. בערעכען אבער וואס דו טהוסט.

אָראַניען.

איך האב שוין בערעכענט.

עגמאָנט.

בערעכען, ווען דו האסט א טעות, פאר וואס דו ביסט פעראַנט־וואָרטליך: פאר'ן שרעקליכסטען קריעג, וואס האט, ווען עס איז, פערוויסטעט א לאַנד. דער ענטזאגען זיך וועט זיין דער סיגנאַל, אז די

פּראָווינצען זאָלען מיט איינמאָל נעהמען די וואפען, וואס וועט גע־רעכטפערטיגען יעדע גרויזאמקייט, פאר וועלכע שפּאניען זוכט אימער אן אויסרייד. וואס מיר האבען שוין לאנג געשטילט, וועסטו מיט איין ווינק אויפברויזען. דענק אן די שטעדט, אן דעם אדעל, דאס פּאָלק, האנדעל, פעלדבוי, די מלאכות! און שטעל דיר פאר דעם חורבן, דעם מאָרד! — רוהיג זעהט דער סאָלדאט אויפ'ן פעלד ווי זיין קאמעראד פאלט נעבען איהם. אבער ענטקעגען דיר, געטראגען פון דעם שטורם, וועלען שווימען די קערפּער פון בירגער, קינדער, מייד־לעך, ביז, אויפגעשווידערט מיט שרעק, וועסטו מעהר ניט וויסען, פאר וועמען און פאר וואס דו קעמפּפסט. ווייל יענע, פאר וועמעס פרייהייט דו האסט אויפגעהויבען די וואפען, וועלען צו גרונד געהען. און ווי וועסטו פיהלען, ווען דו וועסט מוזען זאגען: „פאר מיין זיכערהייט האב איך גענומען געוועהר אין האנד?”

## אָראַניען.

עגמאָנט, מיר זיינען ניט קיין געוועהנליכע מענשען. אויב עס פּאסט פאר אונז זיך מקריב צו זיין פאר טויזענדער, דאן פּאסט אונז אויך זיך צו ראטעווען פאר טויזענדער.

## עגמאָנט.

ווער עס שוינט זיך, מוז אויך זיך אליין פערדעכטיג ווערען.

## אָראַניען.

ווער עס איז זיכער מיט זיינע מאָטיוועז, קען זיכער פאָרווערטס און ריקווערטס געהען.

## עגמאָנט.

גראדע פאר דער צרה, וואס דו האסט מורא, דאס וועט קומען דורך דיינע מעשים.

## אָראַניען.

עס איז אי קלוג, אי מוטהיג צו בעגעגענען די צרה, וואס מען קען ניט אויסמיידען.

עגמאָנט.

ווען דער געפאהר איז נאָהענט, דארף מען אכטען אויף דער קלענסטער האָפנונג.

אָראַניען.

עס איז מעהר ניט געבליעבען קיין פּלאַטץ פאר דעם פוס־טריט; דער תהום ליעגט פאר אונז!

עגמאָנט.

איז דעם קעניג'ס חסד אויף אזא שמאָלען גרונד?

אָראַניען.

שמאָל ניט, אבער גליטשיג.

עגמאָנט.

ביי גאָט! מען טהוט איהם אונרעכט. איך וואָלט ניט וועלען ליידען, מען זאָל פון איהם אזוי אונווירדיג דענקען. ער איז קארל'ס זוהן און איז ניט פעהיג אויף קיין געמיינהייט.

אָראַניען.

קעניגע טהוען ניט קיינע געמיינהייטען.

עגמאָנט.

מען דארף איהם בעסער קענען.

אָראַניען.

אָט טאָקי דיעזע קענטניס ראטה אונז ניט צו ווארטען אויף א געפעהרליכער פּראָבע.

עגמאָנט.

קיין פּראָבע איז געפעהרליך, צו וועלכער מען האָט מוטה.

אָראַניען.

דו ביסט אויפגערעגט, עגמאָנט.

עגמאָנט.

איך מוז עס זעהען מיט מיינע אויגען.

אָראַניען.

הלואי וואָלסטו יעצט געזעהען בלויז מיט מיינע! פריינד, דער־פאר וואס דו האָטסט אָפען די אויגען, גלויבסטו, אז דו זעהסט. איך געה, ווארט דו אויף אַלוואַ'ס אנקונפט, און גאָט זאָל זיין מיט דיר! מיין ענטזאגען דאס צו טהון, וועט דיך פיעללייכט ראטעווען. אפשר וועט דער דראַגאָן דיך אַליין ניט וועלען נעהמען, ווען ער קען אונז ביידע ניט פאנגען. פיעללייכט וועט ער צעגערן, כדי ער זאָל קענען געבען דעם קלאַפּ זיכערער; און פיעללייכט וועסטו דאך דערזעהען די זאך אין איהר וואהרער געשטאלט. אבער דאַן, ווען דו וועסט דערזעהען אַלעס, שנעל! שנעל! ראטעווע דיך! — לעב וואָהל! — גיב נאָר אויף אַלעמען אכטונג: וויפיעל סאָלדאטען ער ברענגט מיט, ווי אזוי ער בעזעטצט די שטאדט, וואס פאר א מאכט עס בלייבט ביי דער רע־גענטין; ווי דיינע פריינד זיינען פאַרבערייטעט. לאָז מיך אַלעס וויסען — עגמאָנט —

עגמאָנט.

וואס ווילסטו?

אָראַניען (איהם אָננעהמענדיג ביי דער האנד).

לאָז דיך איבעררעדען, קום מיט!

עגמאָנט.

וואס? טרערען, אָראַניען?

אָראַניען.

צו בעוויינען א פערלוירענעם פריינד איז גאַנץ פּאסענד.

עגמאָנט.

דו האָלטסט מיך פאר פערלוירען?

## אָראַניען.

דו ביסט עס. בערעכען, דיר בלייבט איבער בלויז א קורצע צייט. לעב וואָהל!

(אב.)

## עגמאָנט (אליין).

ווי אזוי די געדאַנקען פון אַנדערע מענשען האבען אויף אונז אַן איינפלוס! מיר וואָלט דאס גאָר קיינמאָל ניט איינגעפאַלען; און דיעזער מאַן האט מיך אויך אַנגעשטעקט מיט זיין מורא. — אַוועק! דאס איז א פרעמדער טראָפּען אין מיין בלוט! גוטע נאַטור, וואַרף איהם וויעדער ארויס. און אום אָבצוקראַצען די קנייטשען פון מיין שטערען, איז נאָך דאָ איין פריינדליכעס מיטעל.



# דריטער אקט.

## דער רעגענטין'ם פאלאטץ.

### מארגארעטע פון פארמא.

איך האב עס בעדארפט ערווארטען. הא! ווען מיר לעבען אריינ־געטהון אין זארג און ארבייט שטעלען מיר זיך פאר, אז מיר האבען שוין דערגרייכט דאס מעגליכסטע; און דער וואס שטעהט פון וויטען און בעפעהלט, מיינט אויך, אז ער פערלאנגט בלויז דאס מעגליכסטע. אך, איהר קעניגע! — איך האב ניט געגלויבט, אז עס קען מיך אזוי פערדריעסען. עס איז אזוי שעהן צו הערשען! — און אבצודאנקען? — איך וויים ניט ווי מיין פאטער האט עס געקענט טהון, אבער איך וויל עס אויך.

(מאכיאוועלל ערשיינט אין הינטערגרונד.)

### רעגענטין.

קום נעהנטער, איך דענק דא איבער מיין ברודער'ס בריעף.

### מאכיאוועלל.

מעג איך וויסען וואס דארט שטעהט?

### רעגענטין.

אזוי פיעל צערטליכקייט פאר מיר ווי זארג פאר זיינע שטאאטען. ער ריהמט די שטאנדהאפטיגקייט, דעם פלייס, די טרייהייט, מיט וועלכע איך האב געוואכט ביז אהער פאר די רעכטע פון זיין מאיעס־

טעט. ער בעדויערט מיך, וואס דאס הארטנעקיגע פאָלק האט מיר פערשאַפט אזוי פיעל יסורים. ער איז אזוי פאָלקאָמען איבערצייגט מיט מיינע טיעפע איינזיכטען, אזוי צופריעדען מיט מיין אויפפיה־רונג, אז איך קען באלד זאגען, אז דער בריעף איז צו שעהן געשריעבען פאר א קעניג, און פאר א ברודער אוודאי.

מאַכיאַוועלל.

עס איז ניט דאס ערשטע מאָל, וואס ער ווייזט איך זיין גערעכ־טע צופריעדענהייט.

רעגענטין.

אבער עס איז דאס ערשטע מאָל, וואס ער ווייזט רעדנער־קונסט.

מאַכיאַוועלל.

איך פערשטעה איך ניט.

רעגענטין.

איהר וועט מיך באלד פערשטעהען. נאָך זיין הקדמה, זאגט ער, אָהן מאַננשאַפט, אָהן א קליינער אַרמעע וועל איך אימער שפּיעלען א שלעכטע ראָלע! מיר האבען, זאגט ער, אונרעכט געטהאן דערמיט, וואס מיר האבען זיך צוגעהערט צו די קלאגען פון די איינוואוינער און ארויסגעצויגען אונזערע סאָלדאטען פון דער פּראָווינץ. ער מיינט, אַז מיליטער, וואס ליעגט תמיד דעם פאָלק אויפ׳ן האלז, ערלויבט איהם ניט צו מאַכען שווערע און גרויסע שפּרינגען.

מאַכיאַוועלל.

ער וועט שרעקליך אויפרעגען דאס פאָלק.

רעגענטין.

דער קעניג מיינט אבער, הערסטו? — ער מיינט, אז א טיכ־טיגער גענעראַל, וואס הערט זיך קיינמאָל ניט איין צו פערשטאַנד,

וועט באַלד פאַרטיג ווערען מיט'ן פאָלק, מיט'ן אַדעל, מיט די בירגער און מיט די בויערן. דערפאַר שיקט ער אהער מיט אַ שטאַרקער אַרמעע — דעם הערצאָג פון אַלוואַ.

מאַכיאַוועלל.

אַלוואַ?

רעגענטין.

דו וואונדערסט דיך?

מאַכיאַוועלל.

איהר זאָגט ער שיקט. איהר מיינט אודאי צו זאָגען, אַז ער פרעגט אויב ער זאָל שיקען?

רעגענטין.

דער קעניג פרעגט ניט; ער שיקט.

מאַכיאַוועלל.

אויב אַזוי וועט איהר האָבען אַן ערפאַהרענעם קריעגער אין אייערע דיענסטען.

רעגענטין.

אין מיינע דיענסטען? זאָג וואָס דו מיינסט, מאַכיאַוועלל?

מאַכיאַוועלל.

איך וואָלט ניט וועלען רעדען פאַר אייך.

רעגענטין.

און איך וואָלט וועלען מיך פערשטעלען. עס שמערצט מיך זעהר שטאַרק. איך וואָלט בעסער וועלען, אַז מיין ברודער זאָל זאָגען וואָס ער מיינט, ווי אונטערשרייבען פאָרמע־בריעף, וואָס אַ סעקרע־טער האָט אויפגעשריעבען.

מאַכיאַוועלל.

קענען זיי ניט פערשטעהען?

רעגענטין.

איך קען זיי פון אינוועניג און אויסוועניג. זיי וואָלטען שטאַרק וועלען דאס אויסרייניגען, און ווייל זיי קענען עס אליין ניט טהון, פערטרויעט מען זיך אויף יעדען, וואס קומט מיט א בעזעם אין האנד. מיר דאכט זיך אויס, אז איך זעה יעצט דעם קעניג מיט זיינע יועצים אויסגעארבייט אויף דיזען קארפעט.

מאַכיאַוועלל.

אזוי דייטליך?

רעגענטין.

עס פעהלט קיין פינטעלע. צווישען זיי געפינען זיך גוטע מענשען. דער עהרליכער ראָדעריגאָ, וועלכער איז אזוי ערפאהרען און געססיג, זיין ציעל איז ניט צו הויך, און דאָך וויל ער גאָר ניט נאָכלאָזען; דער גערעכטער אלאָנזאָ, דער פלייסיגער פרענעדא, דער שטאַרקער לאַס בארגאס, און נאָך עטליכע, וואס געהען מיט, ווען די גוטע פארטיי איז מעכטיג. דאָרט זיטצט אבער דער הויל־אויגיגער טאָלעדאנער מיט דעם קופּערנעם שטערען און טיעפען פייערבליק, ער מורמעלט צווישען די צייהן איבער פרויען גוטסקייט, צו פריהען נאכגעבען, און אז פרויען קענען ניט רייטען אויף אָבגעריכטעטע פערד, זיי זיינען אבער אליין שלעכטע שטאַלמייסטערס, און נאָך אזעלכע וויטצען, וואס איך האב שוין פריהער געמוזט הערען פון די פּאָליטישע הערען.

מאַכיאַוועלל.

צו אייער בילד האט איהר אויסגעקליעבען גוטע קאָלירען.

רעגענטין.

זייט נאָר מודה, מאַכיאַוועלל: פון אלע פארבען, וואס איך קען אויסקלייבען, איז ניטאָ קיין קאָליר אזוי געל־ברוין, אזוי גאלל־שווארץ ווי אלוואַ'ס געזיכטספארב און ווי די פארב, מיט וועלכער ער מאָלט. ביי איהם איז יעדער א גאָטעס־לעסטערער און א מאַיעסטעטס־שענדער; און דערפאר קען מען יעדען מאַטערן, דורכלעכערען, פערטלען און

פערברענען. דאס גוטע, וואס איך האב געטהאָן, זעהט אוים פון דער ווייטען ווי גאָר ניט, טאָקי נאָר דערפאר ווייל דאס איז גוט. ער טשעפּעט זיך אָן צו יעדען אויסברוך, וואס איז שוין פארביי, ער עראינערט זיך אן יעדער אונרוהע, וואס איז שוין געשטילט. ער ברענגט דאן פאר'ן קעניג אזא בילד פון רעוואָלטע, מהומה און פרעכהייט, אז ער שטעלט זיך פאָר, דאס זיי עסען אויף איינער דעם צווייטען. אזוי הייבט ער אָן הערצליך צו האסען דאס ארעמע פאָלק, זיי קומען איהם פאָר ווי אבשייליך, ווי בהמות, ווי ווילדע חיות; ער קוקט ארום נאָך פייער און שווערט, און זאגט, אז דאס איז דאס איינציגע מיטעל זיי צו בעזיעגען.

### מאכיאוועלל.

איהר זעהט אוים צו העפטיג, איהר נעהמט די זאך צו ערנסט, בלייבט איהר דען ניט רעגענטין?

### רעגענטין.

דאס קען איך שוין צו גוט. ער וועט מיטברענגען זיינע אייגענע בעפעהלען. איך בין שוין גענוג אלט געוואָרען אין שטאאטס-געשעפטען, אום צו וויסען, ווי מען ווערט פון איינעם פטור. ער וועט צוערשט ברענגען א בעפעהל, וואס וועט קלינגען אונבעשטימט און קרום; ער וועט דאן אויסברייטען זיין אויטאָריטעט, ווייל ער האט דאך מאכט; און ווען איך וועל מיך בעקלאגען, וועט ער מיר גיבען אָנצעהערען, אז ער האט געהיימע בעפעהלע; ווען איך וועל פערלאנגען זיי צו זעהען, וועט ער מיר אָבציהען, אויסמיידען; ווען איך וועל אבער אונבעדינגט וועלען זעהען, וועט ער מיר ווייזען א פּאַפּיר, וואס לויטעט גאנץ אנדערש; און אויב דאס וועט מיך אויך ניט בערוהיגען, דאן וועט ער ווייטער טהון וואס ער וויל, גראדע ווי איך וואָלט גאָר קיין אנוועגדונג געמאכט. דערווייל וועט ער דורכפיהרען דאס, פאר וועלכען איך ציטער, און וועט קאליע מאכען אלע מיינע בעסטע פּלענער.

### מאכיאוועלל.

אַך, הלואי וואָלט איך אייך געקענט ווידערשפּרעכען.

רעגענטין.

וואס איך האב מיט גרויסער געדולד בערוהיגט, וועט ער וויעדער אויפהעטצען דורך הארטקייט און גרויזאמקייט. איך וועל זעהען מיין פאָלק פערלאָרען געהען פאר מיינע אויגען, און דערצו נאָך וועל איך זיין די שולדיגע.

מאַכיאַוועלל.

ערווארטעט דאס אייער הויכקייט?

רעגענטין.

אזוי פיעל מאכט האב איך איבער מיר — צו בלייבען שטיל. זאָל ער קומען. איך וועל נאָך איהם אויפ'ן בעסטען אופן מאכען פלאטץ איידער ער שטופט מיך ארויס.

מאַכיאַוועלל.

וועט אזא וויכטיגער שריט אזוי גיך געמאכט ווערען?

רעגענטין.

שווערער ווי דו דענקסט. ווער עס איז געוואָהנט געוואָרען צו הערשען, ווער עס האט עס געבראכט אזוי וויט, אז דאס שיקזאל פון טויזענדער זאָל ליעגען יעדען טאג אין זיין האנד, אזעלכער שטייגט ארונטער פון טראָהן ווי אין קבר. אבער עס איז בעסער אזוי ווי צו פערבלייבען ווי א שאטען צווישען די לעבעדיגע און מיט הוילע אויגען צו וועלען האלטען א פלאטץ, וואס אן אנדערער האט גע'ירשה'ענט און בעזיטצט עס שוין.



# קלאַרע׳ס וואוינונג.

קלארע, מוטער.

מוטער.

אזא ליעבע ווי בראקענבורג׳ס האב איך נאָך ניט געזעהען; איך גלויב, אז מען קען זי בלויז געפינען אין העלדען־געשיכטען.

קלאַרע (געהט הין און צוריק, מורמלענדיג א ליעד).

גליקליך אליין
איז די זעעלע, וואס ליעבט.

מוטער.

עפּעס פערדעכטיגט ער דיין פערקעהר מיט עגמאָנט׳ן; און איך גלויב, ווען דו זאָלסט זיין צו איהם אביסעל פריינדליך, איז, ווען דו זאָלסט וועלען, וואָלט ער נאָך מיט דיר געהייראַטעט.

קלארע (זינגט).

פול מיט פריידען
און מיט ליידען,
פול מיט געדאנקען צו זיין;
האָפען
און ביינקען
אין שוועבענדער פּיין;
שרייען און טריומפירען

פערזונקען אין פערצווייפלונג;
גליקליך אליין
איז די זעעלע וואס ליעבט.

מוטער.

הער שוין אויף מיט די נארישקייטען!

קלארע.

שעלט מיך ניט. עס איז א פּראַכטפאָלעס ליעד. איך האב שוין ניט נאָר איינמאָל איינגעשלעפּט א גרויס קינד דערמיט.

מוטער.

אין דיין קאָפּ איז מעהר גאָר ניטאָ ווי דיין ליעבע. ווען עס זאָל באַטש ניט ארויסטרייבען אלעס אנדערע. בראקענבורג'ן זאָלסטו האַלטען בכבוד, זאג איך דיר. ער קען דיך נאָך גליקליך מאכען.

קלארע.

ער?

מוטער.

אָה יא, עס קומט די צייט. איהר קינדער זעהט גאָר ניט פאראויס און פערהערט אויך אונזערע ערפאהרונגען. די יוגענד און די שעהנע ליעבע האבען א סוף; דאן קומט א צייט, ווען מען דאנקט גאָט, אויב מען האט וואו אנצושפּארען דעם קאָפּ.

קלארע (שוידערט, שווייגט און ציטערט אויף).

מוטער, לאָז יענע צייט קומען גלייך מיט'ן טויט. וועגען דעם צו דענקען איז שרעקליך. און ווען עס קומט, ווען מיר מוזען, דאן וועלען מיר זיך בענעהמען ווי מיר וועלען קענען. עגמאָנט, איך זאָל זיין אָהן דיר! (אין טרערען.) עס איז ניט מעגליך, ניט מעגליך!

(עגמאָנט אין א רייטערמאנטעל, דעם הוט אריבערגערוקט איבער'ן געזיכט, ערשיינט.)

עגמאָנט.

קלאַרע!

קלאַרע (שרייט אויס, טרעט צוריק).

עגמאָנט! (לויפט צו צו איהם.) עגמאָנט! (זי אומארמט איהם און לעהנט זיך אָן אויף איהם.) אָך, דו גוטער, ליעבער, זיסער! ביסט געקומען? ביסט דאָ?

עגמאָנט.

גוטען אבענד, מוטער!

מוטער.

גאָט זאָל אייך בעשיטצען, עדלער הערר! מיין טאָכטער איז באַלד אויסגעגאַנגען ווארטענדיג אויף אייך; זי האט וויעדער דעם גאַנצען טאג פון אייך גערעדט און געזונגען.

עגמאָנט.

ווילט איהר מיר געבען עפּעס וועטשערע?

מוטער.

צו פיעל כבוד. ווען מיר זאָלען נאָר עפּעס האבען.

קלאַרע.

צעווים! זייט נאָר רוהיג, מוטער; איך האב מיך שוין דארויף געריכט, איך האב עפּעס פאָרבערייטעט. פערראַטה מיך נאָר ניט, מוטער.

מוטער.

עס איז גיטאָ פיעל.

קלאַרע.

ווארט נאָר. און דאַן דענק איך, ווען ער איז דאָ ביי מיר, בין איך גאָר ניט הונגעריג; דאַן זאָל ער אויך קיין גרויסען אַפּעטיט ניט האבען ווען איך בין ביי איהם.

עגמאָנט.

דענקסטו מאַקי אַזוי? (קלאַרע שטאַמפּט מיט'ן פוס און קעהרט זיך אום אונווילענדיג.) וואס פעהלט דיר?

קלאַרע.

ווי קאַלט איהר זייט דאס היינט! איהר האט מיר נאָך קיין קוש אנגעבאָטען. פאר וואס האט איהר איינגעוויקעלט די ארעמס אין מאַנ־טעל ווי א וואָכען־קינד? עס פּאַסט ניט פאר קיין סאָלדאַטען און פאר קיין ליעבהאבער זיך איינצו־וויקלען די ארעמס.

עגמאָנט.

נאָר אַמאָל, מיין טהייערע, נאָר אַמאָל! ווען דער סאָלדאַט לויערט אויף איינעם און וויל אָבנאַרען זיין שונא, דאן נעהמט ער צוזאמען זיינע געדאַנקען, וויקעלט זיך ארום מיט דעם מאַנטעל און רעכענט אויס וואס ער האט צו טהון. און א ליעבהאבער —

מוטער.

ווילט איהר אייך ניט זעטצען? אייך מאַכען בעקוועם? איך מוז אריינגעהען אין קיך. קלאַרע דענקט פון גאָר ניט ווען איהר זייט דאָ. איהר מוזט מיר ענטשולדיגען.

עגמאָנט.

אייער גוטער ווילען איז בעסער ווי אלעס.

(מוטער אב.)

קלאַרע.

און וואס איז מיין ליעבע?

עגמאָנט.

אַלעס וואס דו ווילסט.

קלאַרע.

פערגלייך זי, ווען דו האסט דאס הארץ!

עגמאָנט.

צום ערשטען. (ווארפט ארונטער דעם מאַנטעל און בלייבט שטע־העט אין אַ פּרעכטיגען אַנצוג.)

קלאַרע.

אַך, גאָט!

עגמאָנט.

יעצט זיינען מיר די ארעמס פריי! (ער אומארמט זי.)

קלאַרע.

לאָזט אב, איהר מאַכט אייך קאַליע. (טרעט צוריק.) ווי פּרעכטיג! דאָ דאַרף איך אייך ניט אָנריהרען!

עגמאָנט.

ביסטו צופריעדען? איך האב דיר פערשפּראָכען צו קומען איינ־מאָל שפּאַניש געקליידעט.

קלאַרע.

איך האב אייך שוין מעהר ניט געבעטען; איך האב געמיינט, אז איהר ווילט עס ניט. אַך, און דאס גאָלדענע פליעס!

עגמאָנט.

אָט זעהסטו עס!

קלאַרע.

דאס האט דיר דער קייזער געגעבען?

עגמאָנט.

יא, קינד! און די קייט איז דער צייכען געגען דעם, וואס טראגט

זיי, די עדעלסטע פרייהייטען. איך אנערקען אויף דער ערד קיין ריכ־טער איבער מיינע האנדלונגען, אויסער דעם גרויסמייסטער פון דעם אָרדען מיט דעם פערזאמעלטען קאפיטעל פון ריטער.

קלארע.

דו מעגסט די גאנצע וועלט לאָזען ריכטען איבער דיר. דער סאמעט איז צו הערליך און די פאסאמענטור ארבייט! און די שטי־קעריי! מען ווייס גאָר ניט אויף וואס מען זאָל פריהער קוקען.

עגמאָנט.

קוק דיך נאָר זאט אָן!

קלארע.

און דאס גאָלדענע פליעס! איהר האט מיר דערצעהלט די גע־שיכטע און געזאגט: עס איז א צייכען פון אלעם גרויסע און קאָסט־בארע, וואס מען פערדיענט נאָך פיעל מיה און פלייס. עס איז זעהר קאָסטבאר, — איך קען עס פערגלייכען מיט דיין ליעבע. איך טראג זי אויך אין הארצען — און דאן —

עגמאָנט.

וואס ווילסטו זאגען?

קלארע.

און דאן קען מען עס גאָר ניט פערגלייכען.

עגמאָנט.

וואס הייסט?

קלארע.

איך האב זי ניט מיט מיה און פלייס ערוואָרבען, ניט פערדיענט.

עגמאָנט.

אין דער ליעבע איז עס עפּעס אנדערש. דו פערדיענסט זי, וויil

דו זוכסט זי ניט צו ערוועררבען — און מענשען ערהאלטען זי גראדע, ווייל זיי יאָגען זיך ניט נאָך איהר.

קלארע.

האסטו עס פון דיר אליין ארונטערגענומען? האסטו דיזע שטאָלצע בעמערקונג איבער דיר אליין געמאכט? דו, וועמען דאס גאנצע פאָלק ליעבט?

עגמאָנט.

ווען איך וואָלט נאָר פאר זיי עפּעס געטהאָן! וואָלט איך כאָטש קענען פאר זיי עפּעס טהאָן! עס איז זייער גוטער ווילען מיך צו ליעבען.

קלארע.

ביסט היינט געווים געוועזען ביי דער רעגענטין?

עגמאָנט.

איך בין געוועזען ביי איהר.

קלארע.

ביסטו גוט מיט איהר?

עגמאָנט.

עס זעהט אזוי אוים. מיר זיינען פריינדליך,

קלארע.

און אין הארצען?

עגמאָנט.

ווינש איך איהר גוטעס. עס איז אמת, יעדער האט זיך זיינע אייגענע אידעען, אבער דאס האט ניט צו טהון מיט'ן צוועק. זי איז אַן אויסגעצייכענטע פרוי, זי קען איהרע מענשען, און קען קוקען ווייט געבוג, אפילו ווען זי וואָלט ניט געוועזען אזוי פערדעכטיג. איך מאַך איהר פיעל ארבייט, ווייל זי זוכט תמיד געהיימניסע הינטער מיינע אויפפיהרונגען, און איך האב קיינע געהיימניסע.

קלאַרע.

גאַר ניט?

עגמאָנט.

בלויז איינע. יעדער וויין זעטצט אָב הייוועז אין פאַס מיט דער צייט. אָראַניען פערשאַפט איהר נאָך מעהר אונטערהאַלטונג און איך נאָך אַ גרעסערע רעטעניש. ער האט זיך געמאַכט אַ קרעדיט, אַז ער האט אימער עפּעס אַ סוד, און דערפאַר קוקט זי בעשטענדיג אויף זיין שטערען, וואס ער קען דענקען; אויף זיינע שריט, וואוהין ער קען געהען.

קלאַרע.

פערשטעלט זי זיך?

עגמאָנט.

זי איז רעגענטין — וואס פרעגסטו אזא פראַגע?

קלאַרע.

פערצייהעט, איך האב געוואָלט פרעגען: איז זי פאַלש?

עגמאָנט.

ניט מעהר און ניט ווענינער ווי יעדער, וועלכער וויל דערגרייכען זיינע ציעלען.

קלאַרע.

איך וואָלט מיך קיינמאָל ניט געפיהלט היימיש אין דער וועלט. זי האט אבער אויך אַ מאַנספּאַרשוין'ס גייסט, זי איז אַן אַנדער מין פרוי, ווי מיר נייטאָרענס און קעכינס. זי איז גרויס, בעהערצט און ענטשלאָסען.

עגמאָנט.

יא, ווען די זאַכען זאָלען זיך נאָך ניט צו פיעל פערפּלאָנטערן. צום ערשטען מאָל זעהט זי אויס זיך צו פערלירען.

קלארע.

ווי אזוי איז דאס?

עגמאָנט.

זי האט אויך אַ וואָנצע אויף דער אויבערשטער ליפּ און מאנכע מאָל אַן אָנפאַל פון פּאָדאַגרע. אַן אמת'ע אַמאַזאָנע.

קלארע.

אַ מאַיעסטעטישע פרוי. איך וואָלט מורא געהאט פאר איהר צו ערשיינען.

עגמאָנט.

דו ביסט דאָך ווי געוועהנליך ניט שרעקעדיג. עס וואָלט אויך ניט געוועזן אַ מורא, נאָר אַ מיידעל'ס שעהמעדיגקייט. (קלארע לאָזט ארונ־טער די אויגען, נעהמט זיין האנד און לעהנט זיך אָן אויף איהם.) איך פערשטעה דיך, ליעבעס מיידעל! דו מעגסט אויפהייבען די אויגען. (ער קושט איהרע אויגען.)

קלארע.

לאָמיך שווייגען. לאָמיך דיך האַלטען. לאָמיך דיר אין די אויגען אריינקוקען, אַלצדינג געפינען דאָרט, טרייסט און האָפנונג, פרייד און קומער. ביסטו עגמאָנט? דער גראַף עגמאָנט? דער גרויסער עג־מאָנט, וועלכער הערט זיך איבעראַל, איבער וועמען מען שרייבט אין די צייטונגען, וועלכער איז דער שוטץ פון די פּראָווינצען?

עגמאָנט.

ניין, קלארע, דאס בין איך ניט.

קלארע.

וואס!

עגמאָנט.

זעהסטו, קלארע! — לאָז מיך זיצען! — (ער זעצט זיך, זי קניעט פאר איהם אויף אַ פוסביינקעל, לעגט איהרע הענד אויף זיין

שוים און קוקט איהם אָן.) יענער עגמאָנט איז א בייזער, הארטער, קאַל־טער עגמאָנט, וועלכער מוז זיך היטען, באַלד מאכען אזא פּנים, באַלד אַן אַנדערעס; געפּלאָגט, ניט פערשטאַנען און פערדרעהט, ווען די מענשען האַלטען איהם פאר גליקליך און פרעהליך; ער איז געלויבט פון א פאָלק, וואס ווייס ניט וואס עס וויל; געעהרט און אין דער הויך געטראגען פון א מאסע, מיט וועלכער מען קען גאָר ניט טהון; ארומ־געריננעלט פון פריינד, אויף וועלכע ער דארף זיך ניט פערלאָזען; בעאָבאַכטעט פון מענשען, וואס קענען איהם גובר זיין יעדע רגע; ארבייטענדיג און בעמיהענדיג זיך אָפּט אָהן א תכלית, דאס רוב אָהן שכר — אַך, לאָז מיך שווייגען ווי עס געהט מיט יענעם, ווי ער פיהלט. אבער דיעזער, קלארע, איז רוהיג, אָפען, גליקליך, געליעבט און בעקאַנט פון דעם בעסטען הארצען, וואס אויך ער קען און דריקט עס מיט פולער ליעבע און צוטרויען צו זיין הארצען. (ער אומארמט זי.) דאס איז דיין עגמאָנט!

קלארע.

אויב אזוי, דאַן לאָז מיך שטארבען! די וועלט האט מעהר קיין פריידען אויסער דיעזע.



# פיערטער אקט.

גאַס.

יעטטער, סטאַליאר.

יעטטער.

הע! שכן, איין וואָרט!

סטאַליאר.

געה דיר דיין וועג און זיי רוהיג!

יעטטער.

נאָר איין וואָרט: וואס הערט זיך עפּעס נייעס?

סטאַליאר.

גאָר ניט. בלויז אז מען האט אונז איבער־א־נייעס פערבאָטען צו רעדען.

יעטטער.

וואס הייסט?

סטאַליאר.

קומט נאָר אריין אהער. היט אייך. דער הערצאָג פון אַלוואַ, אזוי גיך ווי ער איז אָנגעקומען, האט ער באַלד ארויסגעגעבען א בעפעהל, אז ווי מען וועט כאַפּען צוויי אָדער דריי רעדען אויף דער גאַס, זאָל מען זיי ערקלערען שולדיג אין האָכפערראַטה אָהן אַן אונטערזוכונג.

יעטטער.

וועה איז מיר!

סטאָליאַר.

צו רעדען פון שטאאטס־זאכען שיקט מען אוועק אויף אייביג קאַטאָרגע.

יעטטער.

ארעמע פרייהייט אונזערע.

סטאָליאַר.

און ווער עס וועט קריטיקירען די האנדלונגען פון אונזער רע־גיערונג, איז א בן־מות.

יעטטער.

ארעמע קעפּ אונזערע!

סטאָליאַר.

מען זאגט צו הרים וגבעות פאטערס, מוטערס, קינדער, קרובים, פריינד, דיענער, אז זיי זאָלען אלעס דערצעהלען אין געריכט, וואס עס געהט פאָר אין די הייזער.

יעטטער.

לאָמיר שוין געהן אהיים.

סטאָליאַר.

און יענע וואס פאָלגען, זאגט מען צו, אז מען וועט זיי ניט שלעכטס טהון אין זייער לייב, עהרע און פערמעגען.

יעטטער.

ווי גנעדיג! עס האט מיר באַלד א שטאָך געטהאָן ווי דער הער־צאָג איז נאָר אָנגעקומען אין דער שטאדט אריין. פון דעמאָלט אָן, דאכט זיך מיר, אז דער הימעל איז איבערגעצויגען געוואָרען מיט א שוואַרצער דעק, וואס הענגט אזוי וויים ארונטער, אז מען מוז זיך אָנבייגען זיך ניט צוקלאָפּען דעם קאָפּ.

סטאָליאַר.

און ווי געפעלען איך עפּעס זיינע סאָלדאַטען? הער אויס, דאס איז אַן אַנדער מין ראַקעס, ווי יענע צו וועלכע מיר זיינען געוואָהנט געוואָרען.

יעטטער.

פוי! עס דריקט זיך צוזאַמען דאס הארץ זעהענדיג אַזאַ באַנדע מאַרשירענדיג איבער די גאַסען. אַזוי גראַד ווי די ליכט, בלויז מיט איין בליק, מיט איין שריט. און ווען זיי שטעהען אויף דער וואַך, ווען מען געהט נעבען זיי פאַרביי, דאַכט זיך, אַז ער וויל דיך דורך און דורך קוקען, דערביי זעהט ער אויס אַזוי שטאָלץ און בייז, אַז דיר דאַכט זיך דו זעהסט איבעראַל אַ בעל־הבית פון אַ צוכטהויז. איך האָב גאָר קיין הנאה ניט פון זיי. אונזער מיליץ איז געווען אַ לוסטיגע חברה; זיי פלעגען זיך נעהמען אַביסעל פרייהייט, זיי זיינען געשטאַנען מיט צושפּרייטע פיס, געהאַלטען דעם הוט איבער'ן אויער, געלעבט און גע־לאָזען לעבען. דיעזע באַנדע אָבער איז ווי מאַשינען, אין וועלכע עס ליעגט אַ טייוועל.

סטאָליאַר.

ווען אַזאַ חברה־מאַן שרייט אויס „האַלט!" און ציעלט מיט דער ביקס, מיינט איהר, אַז מען בלייבט שטעהען?

יעטטער.

איך וואָלט באַלד געפאַלען טויט.

סטאָליאַר.

לאָמיר געהען אַהיים.

יעטטער.

עס ווערט גאָר ניט גוט. אַדיע.

זאָגסט (ערשיינט).

פריינד! קאַמעראַדען!

סטאָליאר.

שטיל! לאָמיר געהען.

זאָגסט.

ווייסט איהר?

יעטטער.

נאָך צו פיעל!

זאָגסט.

די רעגענטין איז אוועק.

יעטטער.

דאַן זאָל גאָט מיט אונז רחמנות האבען.

סטאָליאר.

זי האט אונז נאָך אויפגעהאלטען.

זאָגסט.

איהר אוועקגעהען איז געווען אויף איינמאָל און אין געהיים. זי האט זיך ניט געקענט פערטראגען מיט'ן הערצאָג, זי האט געלאָזט מעלדען דעם אדעל, אז זי קומט צוריק. קיינער גלויבט עס ניט.

סטאָליאר.

גאָט זאָל מוחל זיין דעם אדעל, וואס ער האט ערלויבט דיעזען נייעם יאָך איבער אונז. זיי האבען עס געקענט אָבהאלטען. עס איז שוין א סוף פון אונזערע פריווילעגיען.

יעטטער.

אום גאָטטעס ווילען, רעדט ניט פון פריווילעגיען! איך פיהל דעם גערוך פון היגריכטונגען; די זונן וויל ניט ארויסקומען. די וואָל־קענס שטינקען.

זאָגסט.

אָראַניען איז אויך אוועק.

סטאָליאר.

אויב אזוי, זיינען מיר אין גאַנצען פערלאָזען.

זאָגסט.

גראף עגמאָנט איז נאָך דאָ.

יעטטער.

גאָט זיי דאַנק! די הייליגע זאָלען איהם שטארקען, אז ער זאָל טהון זיין בעסטעס. ער איז דער איינציגער, וואס קען אונז נאָך העלפען.

וואַנזען (ערשיינט).

געפין איך נאָך עפּעס עטליכע מענשען, וואס זיינען נאָך ניט ענטלאָפען?

יעטטער.

טהוט אונז א טובה און געהט זיך אייער וועג.

וואַנזען.

איהר זייט ניט העפליך.

סטאָליאר.

היינט איז קיין צייט ניטאָ צו מאַכען קאָמפּלימענטען. בייסט אייך אפשר אין רוקען? זיינען שוין אייערע וואונדען פערהיילט?

וואַנזען.

פרעגט א סאָלדאט נאָך וואונדען! ווען מיך וואָלטען געארט קלעפּ, וואָלט שוין לאַנג פון מיר גאָר ניט געוואָרען.

יעטטער.

עס קען אבער ווערען גאָר ערנסט.

וואַנזען.

עס ווייזט אויס, אז איהר פיהלט פון דעם וועטער, וואס קומט, א מידקייט אין די גליעדער.

### סטאָליאַר.

דיינע גליעדער וועלען באלד שמיץ אַנדערש מאַכען בעוועגען, ווען דו בלייבסט ניט רוהיג.

### וואַנזען.

אָרעמע מייז, וועלכע ווערען באלד פערצווייפעלט, ווען דער בעל־הבית ברענגט א נייע קאַטץ! עס וועט בלויז זיין אביסעל אַנדערש, אבער מיר וועלען טהון פּונקט דאסזעלבע ווי פריהער, זייט נאָר רוהיג.

### סטאָליאַר.

דו ביסט אַ פרעכער גאָר־ניט.

### וואַנזען.

פלוידערזאַק! לאָז נאָר דעם הערצאָג צורוה. דער אַלטער קאָטער זעהט אוים פּונקט ווי ער וואָלט געגעסען טייוואָלים אנשטאט מייז און איצט קען ער זיי ניט פערדייען. לאָזט איהם נאָר אָב; ער מוז אויך עסען, טרינקען און שלאָפען ווי אַנדערע מענשען. איך האב גאָר קיין מורא ניט, ווען מיר וועלען נאָר אויפּפּאַסען אויף דער ריכטיגער צייט. אין אָנפאַנג געהט עס צו שנעל; דערנאָך אבער וועט ער אויסגע־פינען, אז עס איז בעסער צו לעבען אין דער שפּייז־קאַמער צווישען שטיקער שפּעק און רוהען ביינאַכט, ווי צו כאַפּען עטליכע מייזלעך. געהט, געהט, איך קען שוין די שטאַאטהאַלטער.

### סטאָליאַר.

וואס אזעלכער קען ניט אָנפּלוידערן! ווען איך וואָלט אין מיין לעבען געזאגט אזא זאך, וואָלט איך מיך קיין מינוט געהאַלטען פאר זיכער.

### וואַנזען.

זייט נאָר רוהיג. גאָט אין הימעל קימערט זיך ניט אום אייך ווערעם, און דער רעגענט אודאי ניט.

יעטטער.

לעסטערער!

וואַנזען.

איך קען אַנדערע, וואס וואָלטען בעסער וועלען, אנשטאט זייער מוטה, צו האבען שניידער־בלוט אין זייערע אָדערן.

סטאָליאַר.

וואס מיינט איהר דערמיט?

וואַנזען.

הם! איך מיין דעם גראַף.

יעטטער.

עגמאָנט! וואס דאַרף ער מורא האבען?

וואַנזען.

איך בין אַן ארעמער טייוועל און איך קען לעבען א גאַנץ יאהר פון דעם, וואס ער פערלירט אין איין אבענד. און דאָך וואָלט ער מיר אוועקגעגעבען אלע זיינע הכנסות, ווען ער וואָלט געקענט האבען מיין קאָפּ אויף א פערטעל שטונדע.

יעטטער.

דו רעכענסט דיך פאר א גרויסען חכם. דאָך איז דאָ מעהר שכל אין עגמאָנט'ס האאר ווי אין דיין געהירן.

וואַנזען.

אפשר. אבער געווים ניט מעהר כיטראָסט. דיעזע העררען קענען זיך אליין אם בעסטען אָבנאַרען. ער דאַרף ניט טרויען.

יעטטער.

וואס פּלוידערט ער דאָרט? אזא הערר!

וואַנזען.

טאַקי דערפאַר ווייל ער איז ניט קיין שניידער.

יעטטער.

א גרויס מויל האסטו!

וואַנזען.

איך וואָלט נאָר וועלען ער זאָל האבען אייער מוטה אין זיינע פיס אויף א שטונדע, כדי עס זאָל איהם מאַכען אזוי אונרוהיג, אז ער זאָל דאַרפען פערלאָזען די שטאַדט.

יעטטער.

איהר רעדט עפּעס גאָר אונפערשטענדיג; ער איז פּונקט אזוי זיכער ווי דער שטערן אין הימעל.

וואַנזען.

האסטו ניט אַמאָל געזעהען איינעם זיך אויסלאַכען? ער איז פּלוצלינג אוועק.

סטאָליאַר.

ווער וויל איהם דען עפּעס טהון?

וואַנזען.

ווער וויל? ווילסטו עס אפשר ניט דערלאָזען? ווערסטו ארויס־רופען אַן אויפרוהר ווען זיי וועלען איהם נעהמען געפאַנגען?

יעטטער.

אך!

וואַנזען.

וועט איהר איינשטעלען פאַר איהם אייערע ריפּען?

זאָגסט.

עה!

וואַנזען (נאָכקרימענדיג).

אי! אָה! אוה! וואונדערט זיך אוים מיט אַלע אותיות. אזוי איז עס און אזוי בלייבט עס. גאָט זאָל איהם בעשיטצען.

יעטטער.

איך דערשרעק מיך איבער אייער אונפערשעהמטקייט. זאָל אזא עדעלער און רעכטשאפענדער מענש פאר עפּעס מורא האבען?

וואַנזען.

דער לומפּ האט איבעראַל קיין מורא ניט. אין גערימט־הויז מאכט ער דעם ריכטער צום נארען; אויף דעם ריכטער־שטוהל מאכט ער זיך דאס פערגניגען צו פעראורטהיילען דעם בעשולדיגטען. איך האב גע־לייענט א קאָפּיע פון א פּראָטאָקאָל, ווי א קאָמיסאר איז גוט בעלוינט געוואָרען פון געריכט, מיט לויב און מיט געלד, דערפאר וואס ער האט אן עהרליכען מענשען, געגען וועמען זיי האבען געהאט א האס, גע־מאכט פאר א לומפּ דורך זיין קרייץ־פערהער.

סטאָליאר.

דאס איז ווידער א ליגען. וואס קענען זיי ארויסקריגען פון א מענשען, וואס איז אונשולדיג?

וואנען.

פערשטאָפּטער מח! וואס מען קען ניט ארויסקריגען דורך א קרייץ־פערהער, דריקט מען אריין. עהרליכקייט מאכט איינעם צו זיין ניט איבערלעגט און אויך להכעים. פריהער שטעלט מען א רוהיגע פראגע, און דער געפאנגענער, וואס איז שטאָלץ אויף זיין אונשולד, ווי זיי רופען עס, און ער זאגט גראדע אלעס ארויס, וואס איינער מיט שכל וואָלט בעהאלטען. דאן מאכט דער פרעגער פון די ענטפערס ווידער פראגען, און גיט אכטונג וואו עס קומט אריין עפּעס א ווידער־שפּרוך; דאן קניפּט ער אָן זיין שטריק; און זאָל נאָר דער ארעמער טייוועל פערלירען זיין גלייכגעוויכט, זאגען אויף איין פּלאַטץ צו פיעל

און אויף אַן אַנדערען צו ווענינ, אדער גאָט ווייס וואס פאר א נאַריש־
קייט ער זאָל פערשווייגען, אדער גאָר זיך דערשרעקען; ראַן זיינען
מיר אויפ'ן ריכטיגען וועג, און איך פערזיכער אייך, אַז קיין בעטלערקע
זוכט מיט מעהר פאָרזיכטיגקייט שמאַטעס אין דער קופּע מיסט, ווי אַ
פּעררינקטע, פּעררריקטע, געשלאָסענע, בעקאַנטע און בעלייקענטע ווער־
טער און אומשטענדען אויסצופּלעכטען אַ תליה, אום זיין קרבן כּאָטש
אין בילד אויפצוהייננען. און דער אָרעמער טייוועל מעג גאָט דאַנקען,
ווען ער קען כּאָטש געהאַנגען ווערען.

יעטטער.

ער האט א געשליפענע צונג.

סטאָליאַר.

מיט פליענען קען עס שוין זיין; ביענען לאַכען אבער פון אייער
געוועב.

וואַנזען.

עס ווענדט זיך בלויז אַן די שפּינען. זעהט, דער לאַנגער הערצאָג
זעהט אויס פונקט ווי אַ קרייץ־שפּין; ניט פון דעם גראָב־בייכיגען מין,
זיי זיינען ניט געפעהרליך, נאָר פון די לאַנג־פיסיגע, שמאָל־לייביגע,
וועלכע ווערט ניט פעט פון עסען, און וועמעס פּאָדים אפילו דין,
דערפאר אבער שטארקער.

יעטטער.

עגמאָנט איז ריטטער פון גאָלדענעם פליעס. ווער טאָהר איהם
בעריהרען? ער קען נאָר פעראורטהיילט ווערען פון זיין גלייכען,
נאָר פון דעם גאַנצען אָרדען. דיין לויז מויל, דיין בייז געוויסען פער־
פיהרען דיך צו אַזעלכע פּלוידערייען.

וואַנזען.

דענקסטו, אַז איך ווינש איהם דערפאר שלעכטס? איך ליעב
איהם גוט געגונג. ער איז אַן אויסגעצייכענטער מענש. אַ פּאָר פון

מיינע גוטע פריינד, וואס האבען געדארפט געהאנגען ווערען, האט ער געהייסען אָנשמייסען און לאָזען געהען. איצט געהט, געהט! איך ראטה עס אייך אַליין. דאָרט זעה איך שוין ווידער אַ פּאטראָל אָנקומען. זיי זעהען ניט אויס, אז זיי זאָלען וועלען מיט אונז טרינקען לחיים. לאָמיר ווארטען. איך האב אַ פּאאר פלימעניצעס און אַ קוואטער אַ שענקער; אויב נאכדעם ווי זיי זיינען געוועזן אין זייער געזעלשאפט און ניט בעצויבערט געוואָרען, דאַן זיינען זיי אמת'ע וועלט.



# דער פאלאטץ פון אייכענבורג.

## די וואהנונג פון דעם הערצאג פון אלווא.

סילווא און גאמעז בעגעגענען זיך.

סילווא.

האסטו אויסגעפיהרט די בעפעהלע פון דעם הערצאג?

גאמעז.

פינקטליך. אלע טעגליכע פאטראלען האבען ערהאלטען בעפעהלע זיך צו פערזאמלען אין דער בעשטימטער צייט, ביי די פערשיעדענע אנגעוויעזענע פונקטען. דערוויילע געהען זיי איבער דער שטאדט צו שאפען ארדנונג. קיינער וויים ניט פון דעם אנדערן. יעדער גלויבט, אז דער בעפעהל איז פאר איהם אליין. אין איין אויגענבליק קען דער קארדאן פערצויגען ווערען און יעדער צוגאנג צום פאלאץ בעזעטצט. ווייסטו די אורזאכע פון דיעזען בעפעהל?

סילווא.

איך בין געוואהנט בלינד צו פאלגען. און וועמען פאלגט זיך עס גרינגער ווי דעם הערצאג? באלד בעווייזט זיך אויך, אז וואס ער האט בעפוילען, איז געווען ריכטיג.

גאמעז.

גוט, גוט. יעצט איז עס מיר שוין קיין וואונדער ניט. וואס דו

ביסט אויך אזוי געהיימניספאָל און רעדסט ווענינ ווי ער, ווייל דו ביסט שטענדיג ארום איהם. מיר קומט עס פאָר פרעמד, ווייל איך בין געוואָהנט געוואָרען צום לייכטען איטאַליענישען דיענסט. אין טריי־קייט און געהאָרזאמקייט, בין איך ווי תמיד, נאָר איך האב מיר אויס־געלערענט שפּאסען און פּלוידערן. איהר וויעדער שווייגט אַלע און לאָזט אייך קיינמאָל ניט וואויל געהען. דער הערצאָג זעהט מיר אויס ווי אַ קופּערנער טהורם אָהן אַ טויער, צו וועלכען צוצוקומען מוזען די בעלאַגערער האבען פליגעל. מיט אַ צייט צוריק האב איך איהם געהערט ביים טיש זאגענדיג איבער אַ פרייליכען און פריינדליכען מענשען: ער איז ווי אַ שלעכטער שיינק מיט אַן ארויסגעשטעלטער וויין־שילד, אום אריינצונארען לעדיג־געהער, בעטלער און גנבים.

## סילוואַ.

האט ער אונז ניט אהער געבראכט שווייגענדיג?

## גאָמעז.

מען קען גאָר ניט זאגען דאַגעגען. געוויס. ווער עס איז געוועזען אַן עדות פון זיין חכמה, ווי אזוי ער האט די אַרמעע פון איטאַליען אהער געבראכט, דער האט עפּעס בייגעוואוינט. ווי אזוי ער האט זיך דורכ־געשטויסען דורך פריינד און פיינד, דורך די פּראַנצויזען, אי די קעניג־אַנהענגער, אי די אפּיקורסים, דורך די שווייצער און זייערע פער־בינדעטע; איבעראל האט ער געהאַלטען די שטרענגסטע דיסציפּלין, און לייכט דורכגעפיהרט, אָהן שטערונג, אַ צוג, וואס יעדער האט בעטראכט פאר זעהר געפעהרליך. יא, מיר האבען דאס אַלעס גע־זעהען!

## סילוואַ.

און דאָ, איז ניט אַלעס שטיל און רוהיג, גלייך ווי עס וואָלט גאָר קיין אויפשטאנד ניט געוועזען?

## גאָמעז.

נו, עס איז שוין אויך באַלד שטיל געוועזען, ווען מיר זיינען אהער געקומען.

סילוואַ.

אין די פּראָווינצען איז עס געוואָרען פּיעל רוהיגער; און ווען אי־מיצער בעוועגט זיך נאָך, איז עס נאָר צו ענטלויפען. אבער אויך דיעזע, דענק איך, וועט ער באַלד פערשפּאַרען די וועגען.

גאָמעז.

דאמאלס וועט ער ערשט גושא חן זיין ביים קעניג.

סילוואַ.

און וואס מיר האבען צו טהון, איז, ביי איהם נושא חן צו זיין. ווען דער קעניג וועט אהער קומען, וועט דער הערצאָג און יעדען, וואס ער וועט רעקאָמענדירען, ניט בלייבען אונבעלוינט.

גאָמעז.

גלויבסטו, אז דער קעניג קומט?

סילוואַ.

עס ווערען געמאַכט אזוי פּיעלע פּאָרבערייטונגען, אז עס זעהט אוים אזוי.

גאָמעז.

מיר וועט מען ניט איינרעדען.

סילוואַ.

דאַן רעד וועניגסטענס ניט דערפון, ווייל, ווען דער קעניג זאָל ניט האבען בדעה צו קומען, דאַן איז אבער געוויס, אז מען דארף גלויבען, דאס ער וויל קומען.

פערדינאַנד (אלוואַ'ס זוהן, ערשיינט).

איז מיין פאטער נאָך ניטאָ?

סילוואַ.

מיר וואַרטען אויף איהם.

פערדינאַנד.

די פירסטען וועלען באַלד דאָ זיין.

גאָמעז.

קומען זיי היינט ?

פערדינאַנד.

אָראַניען און עגמאָנט.

גאָמעז (שטיל צו סילוואַ'ן).

איך פערשטעהע עפּעס.

סילוואַ.

דאַן האַלט עס פאר דיר.

הערצאָג פון אַלוואַ ערשיינט.

(אזוי ווי ער קומט אריין, ציהען זיך די אנדערע צוריק.)

אַלוואַ.

גאָמעז !

גאָמעז.

היער !

אַלוואַ.

דו האסט די וואכען פערטהיילט און געגעבען בעפעהלע ?

גאָמעז.

זעהר פּינקטליך. די טעגליכע פּאטראָלען —

אַלוואַ.

גענוג. דו זאָלסט ווארטען אין דער גאַלעריע. סילוואַ וועט דיר אָנצייגען דעם אויגענבליק, ווען דו זאָלסט די וואכען צוזאמענציהען און בעזעטצען די צוגאנגען צום פּאַלאַץ. דאס איבריגע ווייסטו.

גאָמעז.

יא, הערר.

(אב.)

אלווא.

סילווא!

סילווא.

דאָ בין איך.

אלווא.

אלעס, וואס איך האב אין דיר תמיד געשעטצט, מוטה, ענטשלאָסענהייט, פּינקטליכע דורכפיהרונג, דאס זאָלסטו הייגט בעווייזען.

סילווא.

איך דאנק אייך וואס איהר גיט מיר א געלעגענהייט צו ווייזען, אז איך בין דער אלטער.

אלווא.

אזוי גיך ווי די פירסטען וועלען צו מיר אריינקומען, דאן זאָלסטו באלד זעהען פאנגען עגמאָנט'ס געהיים-שרייבער. האסטו געמאכט אלע פאָרבערייטונגען צו כאפּען אלע אנדערע בעצייכענטע?

סילווא.

פערלאָזט זיך אויף אונז. זייער שיקזאל וועט זיי טרעפען גראדע אזוי פּינקטליך און שרעקליך ווי א גוט-אויסגערעכענטע ליקוי-חמה.

אלווא.

האסטו זיי געלאָזט גוט היטען?

סילווא.

אלע. עגמאָנט'ן מעהר ווי די אנדערע. ער איז דער איינציגער, וועלכער, זינט איהר זייט דאָ, וואס ער האט זיינע מאניערען ניט געענדערט. דעם גאנצען טאג שפּרינגט ער פון איין פערד אויפ'ן צוויי-

טען, לאדט געסט, איז תמיד לוסטיג און אונטערהאלטענד ביים טיש, שפּיעלט, שיסט און געהט ביי נאכט צו דער געליעבטער. די אנדערע ווידער האבען געמאכט א בעדייטענדע ענדערונג אין זייער לעבען. זיי זיינען צוריקגעצויגען, און פאר זייער טהיר זעהט עס אויס, גלייך ווי א קראנקער וואלט דארט געווען.

אלווא.

דערפאר שנעל, איידער זיי כאפּען זיך אויף.

סילווא.

איך וועל זיי צושטעלען. אויף אייער בעפעהל וועלען מיר זיי בע־שיטען מיט עהרע. זיי זיינען אלארמירט, פארזיכטיג, און דעננאך גי־בען זיי א פּאליטישען דאנק; זיי פיהלען, אז דאס בעסטע וואלט געווען צו ענטלויפען. קיינער וואגט ניט צו מאכען א שריט. זיי האבען מורא, און קענען זיך ניט פעראייניגען. איינצעלנע ווידער זאלען עפּעס אויפטהון, קענען זיי אויך ניט, ווייל די איינינקייט האלט זיי אב. זיי וואלטען זעהר וועלען ארונטערוואַרפען פון זיך יעדען חשד, און דער־מיט מאכען זיי זיך נאך פערדעכטיגער. איך דענק שוין מיט פרייד איבער דער דורכפיהרונג פון אייער פלאן.

אלווא.

איך פרעה מיך בלויז איבער דעם געשעהענעם, און אויך איבער דעם ניט פיעל; ווייל עס בלייבט אונז נאך אלץ איבער וועגען וואס צו דענקען און צו זארגען. דאס גליק האט קאפּריזען; דאס פּראסטע, דאס ווערטהלאזע, ווערט אפטמאל געאדעלט, וועהרענד די בעסטע פּלענער ווערען געענדעט מיט אן אבשייליכען סוף. פערבלייב דא ביז די פירסטען וועלען קומען, דאן גיב גאמעז'ן דעם בעפעהל צו בעזעטצען די גאסען, און לויף אליין צו פאנגען עגמאנט'ס שרייבער און די איבריגע, וועלכע זיינען דיר בעצייכענט געווארען. ווען דאס איז פארטיג, קום אהער און מעלד עס מיין זוהן, כדי ער זאל מיר ברענגען די נאכריכט צום ראטה.

### סילוואַ.

איך האָב היינט אַבענד צו שטעהען פאר אייך. (אַלוואַ געהט צו זיין זוהן, וועלכער איז ביז יעצט געשטאַנען אויף דער גאַלעריע.) איך טרויע עס מיר אַליין ניט צו זאגען פון דעם וואס איך טראַכט. איך האב מורא, אז עס וועט ניט זיין ווי ער רעכענט. איך זעה פאר מיר גייסטער, שטיל און פערטראַכט, וועלכע וועגען אויף שווארצע שאָלען דאס שיקזאַל פון די פירסטען און טויזענדער מענשען. לאַנגזאַם ציטערט דאס צינגעלע ארויף און אראָב; די ריכטער זיינען שטארק פערטראַכט; צולעצט זינקט איין שאָל, די אַנדערע געהט ארויף, אָנגעהויכט מיט דעם קאַפּריז פון שיקזאַל, און אַלעס איז בעשלאָסען.

### אַלוואַ (ארויסקומענדיג מיט פערדינאַנד׳ן).

ווי געפעלט דיר די שטאדט?

### פערדינאַנד.

אַלעס איז ווידער רוהיג. איך בין געריטען, ווי צום צייט־פערטרייב, פון גאַס צו גאַס. אייניגע גוט־פערטהיילטע וואכען האַלטען דעם עולם אין אַזאַ מורא, אז קיינער וואגט אפילו ניט צו מורמלען. די שטאָדט זעהט אוים ווי א פעלד פאר אַ שטורם; קיין פויגעל בעווייזט זיך, קיין חיה, אויסער יענע, וואס לויפען זוכען שוטץ.

### אַלוואַ.

האט דיך ווייטער גאָר ניט בעגעגענט?

### פערדינאַנד.

עגמאָנט איז געקומען צו רייטען מיט עטליכע אויפ׳ן מארק; מיר האבען זיך געגריסט; ער האט געהאט א ווילד פערד, וואס איך האב געמוזט לויבען. „לאָמיר זיך איילען," האט ער געזאגט, „און צוגעוועהנען אונזערע פערד צום רייטען, ווייל מיר וועלען זיי באַלד בענעטהיגען." ער האט ווייטער געזאגט, אז ער וועט מיך נאָך היינט ווידער זעהען, ווייל ער קומט אהער אויף אייער פערלאַנג מיט אייך זיך צו בעראַטהען.

אַלוואַ.

ער וועט דיך ווידער זעהען.

פערדינאַנד.

פון אַלע ריטער, וואס מיר האבען דאָ, געפעלט ער מיר אם בעסטען. מיר שיינט, אז מיר וועלען זיין פריינד.

אַלוואַ.

דו ביסט נאָך אימער איבעראיילט און ניט פאָרזיכטיג; אימער דערקען איך אין דיר דיין מוטער'ס לייכטזינן, וועלכער האט זי גע־פיהרט אין מיינע ארעמס. צו א געפעהרליכער פערבינדונג האט דיך איינגעלאַדען די ערשיינונג.

פערדינאַנד.

איהר וועט מיך תמיד געפינען צוגעבונדען צו אייער ווילען.

אַלוואַ.

איך בין מודה דיין יונגען בלוט דיעזע לייכטזיניגע פריינד־שאַפט, דיעזע אונפאָרזיכטיגע פרעהליכקייט. פערגעס אבער ניט, צו וועלכער ארבייט איך בין געשיקט און וואס פאר א חלק איך קען דיר אָבטהיילען.

פערדינאַנד.

עראינערט מיך און שוינט מיך ניט, ווען איהר געפינט עס פאר נעטהיג.

אַלוואַ (נאָך א פויזע).

מיין זוהן!

פערדינאַנד.

מיין פאטער!

### אלווא.

באלד קומען די פירסטען, אָראַניען און עגמאָנט. עס איז ניט ווייל איך וויל דיר ניט געטרויען, וואָרים איך ענטדעק דיר ערשט יעצט, וואס עס דאַרף געשעהען. פון דאנען וועלען זיי מעהר ניט אוועקגעהען.

### פערדינאַנד.

וואס מיינסטו?

### אלווא.

עס איז בעשלאָסען זיי צו אַרעטירען. — דו שטוינסט? הער, וואס דו האסט צו טהון! די אורזאַכען זאָלסטו וויסען, ווען אלעס וועט זיין פאַראיבער. יעצט האב איך קיין צייט ניט. מיט דיר אליין האב איך געוואָלט בעשפּרעכען דאס גרעסטע, דאס געהיימניסטע; א שטאַרקער באַנד האַלט אונז צוזאמען; דו ביסט מיר טהייער און ליעב; פאר דיר וואָלט איך וועלען אלעס טהון. איך וואָלט ניט וועלען בלויז אין דיר איינוואָרצלען די מדה פון פאָלגען; אויך דעם זינן אויסצודריקען, בעפעהלען און אויספיהרען וואָלט איך וועלען אין דיר אריינבברענגען; דיר איבערלאָזען א גרויסע ירושה און דעם קעניג א ווערטהפאָלען דיענער; דיך בעזאָרגען מיט דעם בעסטען, וואס איך האב, כדי דו זאָלסט דיך ניט דארפען שעהמען, ווען דו וועסט קומען צווישען דיינע ברידער.

### פערדינאַנד.

פאר דיזער ליעבע וועל איך דיר זיין פיעל שולדיג; פאר דיזער ליעבע, וואס דו גיבסט מיר אליין, ווערענד א גאנצעם לאַנד ציטערט.

### אלווא.

יעצט הער וואס עס איז צו טהון. אזוי גיך ווי די פירסטען וועלען אריין, וועט באלד בעזעטצט ווערען יעדער צוטריט צום פּאַלאַץ. דערצו האט גאָמעז דעם בעפעהל. סילווא וועט שנעל אַרעסטירען עגמאָנט'ס שרייבער מיט די איבריגע פערדעכטיגע. דו וועסט האלטען אין ארד־

נונג די וואך ביים טויער און אין הויף. פאר אלעמען זאלסטו בע־זעטצען דיעזע צימערן דא מיט די זיכערסטע מענשען. דאן ווארט אויף דער גאלעריע ביז סילווא קומט און ברענגט מיר אריין אירגענד אן אונבעדייטענד בלאט צום צייכען אז זיין אויפטראג איז דורכגע־פיהרט. דאן בלייב אין קארידאר ביז אראניען געהט אוועק; געה איהם נאך; איך וועל דא אויפהאלטען עגמאנט'ן, גלייך ווי איך האב איהם נאך עפעס צו זאגען. ביים ענדע פון דער גאלעריע פערלאנג אראניען'ס שווערט, רוף די וואך און פערזיכער דיך מיט דעם געפעהר־ליכסטען מענשען; איך וועל דערווייל דא כאפען עגמאנט'ן.

פערדינאנד.

איך פאלג צום ערשטען מאל, מיין פאטער; מיט א שווער הארץ און מיט זארג.

אלווא.

איך פערצייה עס דיר; עס איז דער ערשטער גרויסער טאג, וועלכען דו האסט דערלעבט.

סילווא (ערשיינט).

א שליח פון אנטווערפען. דא איז אראניען'ס בריעף. ער קומט ניט.

אלווא.

זאגט עס דער שליח?

סילווא.

ניין, מיר זאגט עס דאס הארץ.

אלווא.

פון דיר רעדט מיין בייזער גייסט. (נאכדעם ווי ער האט איבער־געלעזען דעם בריעף, ווינקט ער ביידע און זיי ציהען זיך צוריק צו דער גאלעריע. ער בלייבט אליין אויפ'ן פארדער־טהייל.) ער קומט ניט! ביז צום לעצטען אויגענבליק האט ער געווארט. ער וואגט עס ניט

צו קומען! דער קלוגער איז וויעדער געווען קלוג גענוג אום ניט קלוג צו זיין. — די צייט געהט! נאָך א קליינעם וועג פון דעם זייגער און א גרויסע זאַך איז אדער געטהאָן אדער פערזאַמט, פערזאַמט ניט צום צוריקכאַפּען. פיעל האב איך נאָכגעטראַכט וואס עס קען זיין אויך אין אזא פאַל. און יעצט ווען די צייט איז געקומען, קען איך קוים איינ־האַלטען מיינע געדאַנקען פון די וויעדערשפּרעכענדע צווייפלען. — איז עס ראַטהזאַם צו פאַנגען די אַנדערע ווען ער איז אַוועק? — זאָל איך עס אָבלעגען און דערווייל לאָזען עגמאָנט'ן זיך ארויסגליטשען מיט די אַנדערע, וועלכע וועלען אויסער היינט מעהר ניט זיין אין מיינע הענד? אזוי בעהערשט דיך דאס שיקזאַל — דיך, דאס אונבע־הערשטע. וויפיעל איך האב געטראַכט! ווי גוט פאַרבערייטעט! ווי גרויס און ווי שעהן דער פּלאַן! ווי נאָהענט די האָפנונג צום ציעל! און יעצט, אין אויגענבליק פון דער ענטשיידונג, ווערסטו געוואָרפען צווישען צוויי איבלען; ווי אין א גורל־טעפּעל טאַפּסטו אין דער טונק־לער צוקונפט; וואס דו נעהמסט אריין, איז אויך פערוויקעלט, דיר אונבעוואוסט, אויב טרעפער אדער פעהלער! (ער ווערט אויפמערק־זאם, ווי איינער וואס דערהערט עפּעס, און געהט צו צום פענסטער.) ער איז עס! — עגמאָנט! האט דיך דיין פערד אזוי גרינג אריינגע־טראגען און זיך ניט געשראַקען פאר דעם בלוט־גערוך און פאר דעם גייסט מיט דעם בלאַנקען שווערט, וואס שטעהט ביים טויער? — שטייג אָב! — אזוי ביסטו שוין מיט איין פוס אין קבר! און אזוי מיטביידע! — יא, גלעט עס נאָר און קלאַפּ איהם אויפ'ן נאקען פאר זיין מוטהיגען דיענסט צום לעצטען מאָל — און מיר בלייבט קיין ברירה. אין דער פערבלענדונג, ווי עגמאָנט דערנעהנטערט זיך, קען ער זיך דיר ניט צום צווייטען מאָל איבערגעבען. — הערט!

פערנאַנד און סילוואַ קומען שנעל צו.

איהר טהוט וואס איך האב בעפוילען; איך וועל מיין ווילען ניט ענדערן. איך וועל עגמאָנט'ן אויפהאַלטען ביז דו וועסט מיר ברענגען פון סילוואַ'ן די נאַכריכט. דאַן פערבלייב דאָ נאָהענט. אויך דער רויבט דאס שיקזאל דאס גרעסטע פערדיענסט צו כאַפּען דעם קעניג'ס גרעסטען שונא מיט אייגענער האנד. (צו סילוואַ.) שנעל! (צו פערדי־

נאנד.) געה איהם ענטקעגען! (אלווא בלייבט אייניגע אויגענבליק אליין און געהט שטילשוויינענד אויף און אב.)

עגמאָנט (ערשיינט).

איך קום צו ערפאהרען דעם קעניג׳ס בעפעהלען; צו הערען וועלכען דיענסט ער פערלאנגט פון אונזער טרייקייט, וואס בלייבט זיינע אויף אייביג.

אלווא.

פאר אלעמען ווינשט ער צו הערען אייער ראטה.

עגמאָנט.

איבער וועלכען געגענשטאנד? קומט אויך אָראניען? איך האב געמיינט, אז איך וועל איהם דאָ טרעפען.

אלווא.

מיר טהוט עס לייד וואס ער פעהלט אין דיעזער וויכטיגער שטונ־דע. אייער ראטה און אייער מיינונג ווינשט דער קעניג ווי אזוי וויע־דער צו בעפריעדיגען דיעזע שטאאטען. יא, ער האָפט, אז איהר וועט קרעפטיג מיטווירקען צו שטילען דיעזע אונרוהען און גרינדען א דויערהאפטע אָרדנונג אין די פראָווינצען.

עגמאָנט.

איהר קענט בעסער וויסען ווי איך, אז אלעס איז שוין גענוג בערוהיגט, און עס איז נאָך געווען מעהר בערוהיגט איידער די סאָל־דאטען זיינען געקומען ארויסצורופען נייע מורא און זאָרג.

אלווא.

איהר שיינט צו וועלען זאגען, אז אם בעסטען וואָלט געווען, זוען דער קעניג וואָלט מיך גאָר ניט געהייסען אייך פרעגען.

## עגמאָנט.

פערצייהעט! עס איז ניט מיין זאַך צו ענטשיידען אויב דער קעניג האט ריכטיג געהאַנדעלט שיקענדיג אהער אַן ארמעע, אָדער די מאַכט פון זיין קעניגליכער געגענוואַרט וואָלט ניט מעהר געווירקט. די ארמעע איז דאָ, ער ניט. מיר מוזען אבער זעהר אונדאַנקבאַר זיין, ווען מיר עראינערן זיך ניט וויפיעל מיר זיינען פערפליכטעט צו דער רעגענטין. מיר מוזען מודה זיין, אז מיט איהר קלוגעם און מוטהיגעם בענעהמען, האט זי די אויפריהרער מיט געוואַלט און מיט בערעכנונג, מיט איבעררעדונג און כיטראָסט בערוהיגט אַ פאָלק, און צום ערשטוי־נען פון דער וועלט צוריק געבראַכט אַ גאַנצע רעבעלישע נאַציאָן צו איהרע פליכטען.

## אַלוואַ.

איך לייקען עס ניט. דער טומעל איז געשטילט און יעדער זעהט אוים צוריקצוקעהרען אין די גרענעצען פון געהאָרזאַמקייט. אבער הייננט עס ניט אָב פון יעדען׳ס שלעכטען ווילען זי צו פערלאָזען? ווער וועט צוריקהאַלטען דאס פאָלק פון ווידער אויסברעכען? וואו איז די מאַכט עס אָבצוהאַלטען? ווער גאַראַנטירט אונז, אז זיי וועלען אויך ווייטער ווייזען אונטערטהענונג? דער גוטער ווילען איז דער איינציגער משכון, וואס מיר האבען.

## עגמאָנט.

איז דער גוטער ווילען פון אַ פאָלק ניט דער זיכערסטער און בעסטער משכון? ביי גאָט, ווען דאַרף זיך אַ קעניג זיכערער האַלטען ווי אין דער צייט ווען אַלע זיינען פאר איינעם און איינער איז פאר אַלע? ווען קען מען זיין נאָך זיכערער געגען אינערן און אויסערן פיינד?

## אַלוואַ.

איהר ווילט דאָך מיר ניט איינרעדען, אז דאָ איז יעצט אזוי די לאַגע?

## עגמאָנט.

דער קעניג שרייבט אוים אַן אַלגעמיינע בעגנאַדיגונג, און דער־מיט בערוהיגט ער די געמיטהער; באַלד וועט מען געווים זעהען ווי טרייהייט און ליעבע קעהרען צוריק צוזאַמען מיט'ן צוטרויען.

## אלווא.

און יעדער וואס האט געשענדעט דעם קעניג'ס מאַיעסטעט און די הייליגקייט פון דער רעליגיאָן, זאָל זיין פריי! און זיי זאָלען אייך לעבען, צום ביישפיעל פון אַנדערע, אז פאר אַזעלכע פערברעכען געהט מען ארום אָהן שטראַף.

## עגמאָנט.

און איז א פערברעכען אוים נאַררישקייט, אוים שיכרות, ניט גיכער צו ענטשולדיגען ווי גרויזאַם צו בעשטראָפען? איבערהויפּט וואו עס איז דאָ זיכערע האָפנונג, געוויסהייט, אז דאס וועט שוין מעהר ניט פארקומען? זיינען דען ניט קעניגע דערפאר ישוין גענוג זיכער? ווערען זיי ניט געלויבט פון דער וועלט דערפאר, וואס זיי האבען געקענט מוחל זיין, בעדויערן און פעראַכטען א בעליידיגונג? ווערען זיי ניט געהאַלטען גלייך מיט גאָט, וועלכער איז צו גרויס, דאס אן איהם זאָל קענען קלעפּען עפּעס א לעסטערונג?

## אלווא.

טאַקי דערפאר זאָל דער קעניג שטרייטען פאר'ן כבוד פון גאָט און די רעליגיאָן, און מיר זאָלען שטרייטען פאר'ן קעניג'ס עהרע. וואס דער אויבערשטער פעראַכטעט, אַן דעם זאָלען מיר זיך נוקם זיין. מיר דאַכט, אז קיין שולדיגער דאַרף זיך פיהלען ניט בעשטראָפט.

## עגמאָנט.

גלויבט איהר, אז איהר וועט קענען אַלעם דערגרייכען? הערט מען ניט יעדען טאָג, אז די מורא פערטרייבט זיי פון לאַנד? די רייכסטע וועלען ענטלויפען מיט זייער פערמעגען, זייערע קינדער און פריינד; די אָרעמע וועלען אוועקטראָגען זייערע ניטצליכע הענד צו די שכנים.

אלווא.

יא, זיי וועלען עס טהון ווען מען וועט זיי לאָזען. דערפאר פער־לאַנגט דער קעניג ראַטה און טהאַט פון יעדען פירסט. ערנסט ווערט פערלאַנגט פון יעדען שטאַטטהאַלטער; ניט נאָר צו דערצעהלען ווי עס איז, וואס עס קען ווערען ווען מען זאָל לאָזען אלעס געהען ווי עס געהט. צוצוקוקען זיך צו א גרויסען איבעל, זיך שמייכלען מיט דער האָפנונג, זיך פערטרויען אויף דער צייט, צו געבען א קלאַפּ ווי דער פּאַיאַץ אין שפּיעל צו מאַכען א רעש מען זאָל מיינען, עס איז עפּעס, ווענהרענד אין דער ווירקליכקייט טהוט מען גאָר ניט; וועט אַזאַ אויפפיהרונג ניט ארויסרופען א חשד, אז יענע וועלכע האַנד־לען אזוי קוקען מיט צופריעדענהייט אויף אן אויפשטאַנד, וועלכען זיי וואָלטען ניט וועלען אָנפאַנגען, אבער זיי זיינען ניט דאַגעגען אנדערע צו ערמוטהיגען?

עגמאָנט.

(פריהער זעהט ער אויס ווי ער זאָל וועלען אוועקגעהען, אבער ער פאַסט זיך, און, נאָך א פּויזע, זאגט ער:) ניט יעדע אבזיכט איז אויפריכטיג און מאַנכען מענשען'ס אבזיכט דאַרף מען פערדעכטיגען. מען רעדט איבעראל, אז דעם קעניג'ס אבזיכט איז ניט גראַדע צו רעגיערען אלע פּראָווינצען נאָך גלייכע און קלאָרע געזעטצע, צו זיכערן די מאַיעסטעט פון רעליגיאָן און געבען דעם פאָלק אן אלגעמיינעם פריעדען, נאָר דאס פאָלק צו אונטעריאָכען, עס בערויבען פון זיינע אלטע רעכטע, ווערען בעל־הבית איבער זייערע פערגניגענס, די שעהנע רעכטע פון דעם אדעל צו בעגרענעצען, פאר וועלכע ער דיענט איהם מיט ליעב און לעבען. די רעליגיאָן, זאגט מען, איז בלויז א שעהנער קאַרפּעט, הינטער וועלכען מען קען בעגעהען יעדע געמיינ־הייט. דאס פאָלק ליעגט אויף די קניען און בעט ביי די הייליגע בילדער, ווענהרענד הינטער זיי שטעהט דער פויגעל־כאַפּער בערייט זיי אריינצונעהמען אין דער פאַסטקע.

אלווא.

דאַרף איך דאס פון א י ך הערען?

עגמאָנט.

דיעזע זיינען ניט מיינע געפיהלע! נאָר וואס עס ווערט אויסגע־רעדט דאָ און דאָרט, פון גרויסע און קליינע, פון קלוגע און נאראָנים. די ניעדערלענדער האבען מורא פאר א דאָפּעלטען יאָך, און ווער וועט זיי גאראַנטירען פאר זייער פרייהייט?

אלווא.

פרייהייט? א שעהנעם וואָרט ווער עס פערשטעהט עס ריכטיג. וואס פאר א פרייהייט ווילען זיי? וואס איז דעם פרייעסטען'ס פריי־הייט? — צו טהון יושר? — אין דעם וועט זיי דער קעניג ניט שטערען. ניין, ניין! זיי מיינען, אז זיי זיינען ניט פריי דערפאר, ווייל זיי קענען ניט זיך און ניט אנדערע שאדען. איז עס ניט בעסער אָב־צודאַנקען ווי צו רעגיערען אזא פאָלק? וועןדרויסענדיגע שונאים דרינגען, פון וועלכע קיינער דענקט גאָר ניט, און דער קעניג פער־לאַנגט דערוויייל הילף, דאַן ווערען זיי פלוצלינג אונאייניג און פער־שווערען זיך אויך מיט זייערע שונאים. עס איז פיעל בעסער זיי איינצודריקען, פאר זייער אייגענע טובה, גראדע ווי מען טהוט מיט קינדער. גלויבט מיר, א פאָלק ווערט ניט אלט, ניט קלוג, א פאָלק בלייבט תמיד קינדיש.

עגמאָנט.

ווי זעלטען א קעניג קומט עס צום שכל! איז עס ניט בעסער די פיעלע זאָלען פערטרויען זייערע אינטערעסען צו פיעלע ווי צו איינעם? און ניט אפילו צו איינעם, נאָר צו די עטליכע דיענער וואס זיינען אלט געוואָרען ביי זייער בעל־הבית. זיי אליין, דיעזע דיענער, שיינט עס, האבען א רעכט קלוג צו ווערען.

אלווא.

אפשר ווערען זיי טאקי קלוג דערפאר, ווייל זיי זיינען ניט אליין קיין בעלי־בתים?

עגמאָנט.

און דערפאר ווילען זיי אויך קיין אנדערן לאָזען ער זאָל זיך

אליין פיהרען. זאָל מען טהון וואס מען וויל. אויף אייער פראגע האב איך געענטפערט און איך ווידערהאָל: עס געהט ניט! עס קען ניט געהען! איך קען מיינע לאַנדסלייט! זיי זיינען מענער, וואס האבען ווערטה צו טרעטען אויף גאָט'ס ערד; יעדער פאר זיך איז א קליינער קעניג, פעסט, ריהרעוודיג, פעהיג, טריי, זיך האַלטענדיג אן אַלטע מנהגים. עס איז שווער צו פערדיענען זייער צוטרויען; גרינג אבער דאס צו האַלטען. שטאַלץ און פעסט זיינען זיי! מען קען זיי צודריקען, אבער ניט אונטערדריקען.

אלווא (וועלכער האט זיך עטליכע מאָל אומגעקוקט).

וועט איהר דאס אַלעס ווידערהאָלען אין קעניג'ס געגענווארט?

עגמאָנט.

עס וואָלט געוועזען נאָך ערגער ווען זיין געגענווארט וואָלט מיך אבגעשראקען. עס וועט זיין בעסער פאר איהם און פאר זיין פאָלק, ווען ער וועט מיר געבען מעהר מוטה און מעהר צוטרויען נאָך פיעל מעהר צו זאגען.

אלווא.

וואס עס איז ניטצליך, קען איך גראדע אזוי הערען ווי ער.

עגמאָנט.

איך וואָלט איהם געזאגט: גרינג קען דער פאסטוך טרייבען א גאַנצע סטאַדע שעפסען, דער אָקס שלעפּט זיין פפלוג אָהן ווידערשטאַנד; אבער דאס עדעלע פערד, אויף וועלכען מען וויל רייטען, מוז מען פריהער אויסלערנען זיינע געדאנקען, און מען דארף פון איהם קיין דומהייטען ניט פערלאַנגען. דערפאר וויל דער בירגער זיין אַלטע קאָנסטיטוציאָן, רעגיערט ווערען פון זיינע לאַנדסלייט, ווייל דער לאַנדסמאַן ווייס ווי עס צו פיהרען, ווייל ער קען טהיילנעהמען אין זיין שיקזאַל.

## אַלוואַ.

און זאָל דער רעגענט ניט האבען קיין כח צו ענדערן דיעזע אַלטע ירושה? זאָל דאס ניט זיין זיין גערעכטע פּריווילעגיע? וואס איז בעשטענדיגעס אין דיעזער וועלט? זאָל בלויז די קאָנסטיטוציאָן פון אַ לאַנד בלייבען אונפערענדערט? מוז ניט יעדע זאַך מיט דער צייט זיך פערענדערן, און טאַקי דערפאר אליין קען אַן אַלטע קאָנסטיטוציאָן ווערען די סבה פון טויזענד שלעכטיגקייטען, ווייל זי פּאַסט מעהר ניט צום פאָלק יעצט? איך גלויב, אז דיעזע אַלטע רעכטע זיינען דערפאר אזוי אנגענעהם, ווייל זיי גיבען אויסוועגען פאר די קלוגע און מעכטיגע צו שאַדען דעם פאָלק און זיך אליין דערווייל פערבארגען.

## עגמאָנט.

און דיעזע להכעיס'דיגע פערענדערונגען, דיעזע אונבעשרענקטע אנגריפע פון דער העכסטער געוואַלט, זיינען זיי ניט פערבאָטען, אז איינער זאָל מעגען, וואס טויזענדער טאָרען ניט? דער מאָנאַרך וויל זיך אליין מאַכען פריי אום צו בעפריעדיגען אלע זיינע ווינשונגען און קענען אויספיהרען יעדען געדאַנק זיינעם. און ווען מיר פערטרויען זיך איהם, אַ גוטען און קלוגען קעניג, גאַראַנטירט ער אונז פאר זיינע קינדער, אז יעדער וועט זיין גוט און פרום? און ווער וועט אונז ראַטעווען פון זיינע אַבסאָלוטע קאַפּריזען, ווען ער זאָל אונז אַהער שיקען זיינע דיענער, זיינע באַנדעס, וועלכע, ניט קענענדיג דאס לאַנד און זיינע הצטרכות, זאָלען זיי רעגירען איבער אונז ווי זיי געפעלט, ניט בעגעגענען קיין ווידערשטאַנד און פאר קיין זאַך ניט זיין פעראַנטוואָרטליך?

## אַלוואַ (וועלכער האט זיך נאָך אמאָל אומגעקוקט).

עס איז אויך פּונקט אזוי נאַטירליך, אז דער בירגער זאָל וועלען רעגיערט ווערען פון איינעם, וואס איז געבוירען און ערצויגען געוואָרען אין דעמזעלבען לאַנד, וועמעס בעגריפען פון רעכט און אונרעכט הארמאָנירען מיט זיינע און וועמען ער קען בעטראַכטען אלס זיין ברודער.

עגמאָנט.

פונקט אזוי נאַטירליך וואָלט עס געווען, אז יעדער בירגער זאָל פאָרציהען רעגיערט צו ווערען דורך איינעם, וואס איז געבאָרען און אויפגעצויגען אין איינענעם לאַנד, וועמעס בעגריפען פון רעכט און אונרעכט הארמאָנירען מיט די זייניגע, און וועמען ער קען טאַקי בע־טראַכטען פאַר א ברודער.

אַלוואַ.

און דאָך, גלויב איך, האט דער אדעל זיך ניט גלייך געטהיילט מיט זיינע ברידער.

עגמאָנט.

דאס איז שוין זייט יאהרהונדערטער און ווערט יעצט געדולדעט אָהן קנאה. זאָלען אבער אהער קומען נייע מענשען, וועמעס געגענ־ווארט איז ניט בענעטהיגט אין לאַנד און זיך וועלען צום צווייטען מאָל בערייכערן אויפ'ן חשבון פון דער נאציאָן; זאָל דאס פאָלק זיך זעהען אויסגעזעטצט צו זייערע געוויסענלאָזע רויבערייען, דאן וועט דאס ארויסרופען אזא מהומה, וואס וועט ניט גיך געשטילט ווערען.

אַלוואַ.

איהר זאגט מיר דאָ עפּעס, וואס איך דאַרף ניט הערען, — איך בין דאָך אייך א פרעמדער.

עגמאָנט.

ווען איך זאג דאס אייך, בעווייזט עס, אז איך מיין אייך ניט.

אַלוואַ.

זאָל עס זיין ווי עס איז, איך וויל עס ניט הערען. דער קעניג האט מיך אהער געשיקט מיט דער האָפנונג, אז איך וועל דאָ קריגען די הילף פון דעם אדעל. דער קעניג וויל זיין ווילען. דער קעניג האט נאָך טיעפער איבערלעגונג איינגעזעהען וואס דאס פאָלק בעדאַרף; עס קען מעהר ניט אזוי געהען ווי ביז אהער. עס איז דעם קעניג'ס אב־

זיכט אָבצוקירצען זייערע רעכטע פאר זייער אייגענער טובה וועגען; און ווען עס מוז זיין, דאַן וועט ער זיי דיעזע רעכטע אויפדרינגען; די שעדליכע בירגער אָפּפערן, כדי איבריגע זאָלען קענען לעבען במנוחה, און געניעסען דאס גליק פון א קלוגער רעגיערונג. דאס איז זיין ענטשלוס; איך האב א בעפעהל דאס מיטצוטהיילען דעם אדעל; און ראטה פערלאַנג איך אין זיין נאמען, ניט וואס צו טהון, נאָר ווי דאס צו טהון; אָט דאס איז זיין בעשלוס.

## עגמאָנט.

ליידער גערעכטפערטיגען אייערע ווערטער די מורא פון פאָלק, די אלגעמיינע מורא! ער האט אלזאָ בעשלאָסען וואס קיין פירסט זאָל בעשליעסען. אום צו קענען גרינגער רעגיערען זיינע אונטערטהאַנען, איז ער בערייט צו אונטערדריקען, נייין, צושמעטערן און פערניכטען זייער קראפט, זייער גייסט און זייער זעלבסט־רעספּעקט! ער איז פאַרטיג צו פערוואונדען זייער טיעפסטע אינדיווידואַליטעט; געוויס אום זיי גליקליך צו מאַכען. ער וויל זיי מחרים מאַכען, כדי זיי זאָלען ווערען עפּעס, אַן עפּעס אַנדערש. אָך, אויב זיין אבזיכט איז גוט, דאַן איז ער פערפיהרט! מען שטעלט זיך ניט געגען קעניג, נאָר געגען יענעם, וועלכער, אונגליקליכערווייזע, הייסט מאַכען א פאַלשען שריט.

## אלוואַ.

לויט ווי איהר דענקט, שיינט עס, אז מיר וועלען זיך ניט קענען פעראייניגען. איהר מאַכט זיך ניט קיין גרויסען צימעס פון דעם קעניג און איהר פעראַכטעט זיינע יועצים, און איהר צווייפעלט אויב דאס אלעס איז ניט שוין פריהער בעדאַכט, געפּרופט און געוואויגען געוואָרען. איך האב ניט קיין אויפטראג דאס אלעס ווידער דורכצולופטערן. פאָלגען פערלאַנג איך פון פאָלק — און פון אייך, איהר ערשטע, עדעלסטע, ראטה און טהאַט אלס גאראַנטיען פאר דיעזער פליכט אָהן קאָנדיציעס.

## עגמאָנט.

פאָדערט אונזערע קעפּ און דאס איז שוין געטהאָן. פאר אַן עדע־

לער נשמה בלייבט זיך גלייך אויב זי זאָל זיך בייגען צום יאָך אדער זיך אָנבייגען די האק זאָל ארונטערנעהמען דעם קאָפּ. אומזיסט האב איך אזוי פיעל גערעדט. איך האב נאר אויפגערעגט די לופט, אבער ווייטער גאָר ניט.

פערדינאנד (ערשיינט).

ענטשולדיגט, ווען איך אונטערברעך אייער געשפרעך. דאָ איז א בריעף, פאר וועלכען דער איבערברענגער פערלאַנגט באַלד אַן ענטפער.

אַלוואַ.

ערלויבט מיר צו זעהען וואס דאָרט איז. (געהט אויף א זייט.)

פערדינאַנד (צו עגמאָנט).

עס איז א שעהנעס פערד, וואס אייערע מענשען האבען גע־בראַכט אייך אבצוהאָלען.

עגמאָנט.

עס איז ניט דאס ערגסטע. איך האב עס שוין א היבשע צייט; איך דענק עס אוועקצוגעבען. ווען עס געפעלט אייך, וועלען מיר זיך שוין אויסגלייכען.

פערדינאַנד.

גוט, מיר וועלען זעהען.

(אַלוואַ ווינקט זיין זוהן, וועלכער ציהט זיך צוריק צום הינטערגרונד.)

עגמאָנט.

לעבט וואָהל! ערלויבט מיר צו געהען. און, ביי גאָט, איך וויים מעהר ניט וואס צו זאגען.

אַלוואַ.

גליקליך האט אייך דער צופאַל צוריקגעהאַלטען, איהר זאָלט אייערע געדאַנקען מעהר ניט פערראַטהען. אונפאָרזיכטיג האט איהר געעפענט אייער הארץ און זיך אַליין שטרענגער אנגעקלאַגט ווי איר־גענד א פּראָקוראָר וואָלט עס געקענט טהון.

עגמאָנט.

דיעזער פאָרוואורף ארט מיך ניט; איך קען מיך גאנץ גוט און ווייס אויף ווי ווייט איך בין געטריי דעם קעניג; פיעל מעהר ווי אנדערע וואס פאקען זיך אליין אין זיין דיענסט. אונגערן פערלאָז איך דיעזען שטרייט, וויסענדיג, אז איך האב ניט געקענט זיעגען; איך ווינש נאָר, אז עס זאָל אונז באלד וויעדער פעראייניגען דער דיענסט צום קעניג און דאס וואָהל פון לאנד! נאָך א קאָנפערענץ, די געגענווארט פון די פּרינצען, וואס פעהלען היינט, וועלען פיעללייכט אין א גליקליכען מאָמענט, דורכפיהרען דאס, וואס זעהט יעצט אוים אונמעגליך. מיט דיעזער האָפנונג נעהם איך אבשיעד.

אלווא (װעלכער גיט זיין זוהן א צייכען).

האלט, עגמאָנט! — דיין שווערט! (די מיטעלטהיר עפענט זיך; מען זעהט די גאלעריע מיט וואכען בעזעטצט, וועלכע זיינען אונבעוועגליך.)

עגמאָנט (שטעהט א וויילע ערשטוינט).

איז דאס געוועזן די אבזיכט? דערצו האסטו מיך גערופען? (אָנכאפענדיג די שווערט, גלייך ווי ער וויל זיך פערטהיידיגען.) האב איך דען קיין וואפען?

אלווא.

דער קעניג בעפעהלט און דו ביסט מיין געפאנגענער. (עס טרעטען פאר פון ביידע זייטען בעפאפענטע.)

עגמאָנט (נאָך א פויזע).

דער קעניג? — אָראניען! (נאָך א פויזע, געבענדיג דאס שווערט.) דאן נעהם עס! עס האט מעהר פערטהיידיגט דעם קעניג'ס אינטערעסען ווי דיעזע ברוסט בעשיטצט. (ער געהט אב דורך דער מיטעלטהיר. די בעוואפענטע פון צימער געהען איהם נאָך. אלווא'ס זוהן מיט זיי. אלווא בלייבט שטעהען, פאַרהאנג פאלט.)

# פינפטער אקט.

## גאס.

פאר זונען אונטערגאנג.

קלארע, בראקענבורג, בירגער.

בראקענבורג.

געליעבטע, אום גאטעס ווילען, וואס ווילסטו טהון?

קלארע.

קום מיט, בראקענבורג! דו קענסט הפנים ניט די מענשען, ווייל מיר ווערען איהם געוויס בעפרייען; וואו האסטו נאך אזא ליעבע ווי זיי האבען פאר איהם? איך שווער עס, אז יעדער פיהלט אין זיך דעם ברענענדען בעגעהר איהם צו ראטעווען, און דעם פרייעסטען געבען די פרייהייט. קום, עס פעהלט בלויז א שטונדע זיי צוזאמענ־צורופען. אין זייערע נשמות לעבט נאך אלעס גאנץ פריש, וואס ער האט פאר זיי געטהון און וואס זיי זיינען איהם שולדיג. זיי ווייסען אלע, אז נאר זיין מעכטיגער ארעם האט אבגעהאלטען פון זיי די צו־שטערונג. און וואס שטעלען מיר איין? העכסטענס אונזער לעבען, וואס האט גאר ניט ווערטה, ווען ער וועט אומקומען.

בראקענבורג.

אונגליקליכע! דו זעהסט ניט די מאכט, וואס האט אונז געקא־וועט מיט אייזערנע קייטען.

קלארע.

זי זעהט מיר ניט אוים אלס ניט צום בעזיעגען. לאָמיר ניט פער־לירען קיין ווערטה. אָט קומט איינער פון די אַלטע בראַווע מענער. הערט, פריינד, שכנים, זאגט, וואס איז געוואָרען פון עגמאָנט׳ן?

סטאָליאר.

וואס וויל דאס קינד? זאָל זי שווייגען!

קלארע.

קומט נעהענטער, לאָמיר דאָ שטילערהייט איבעררעדען, ביז מיר וועלען זיין איינינ און שטארקער. מיר דארפען ניט פערזאמען קיין אויגענבליק! דיעזע פרעכע טיראַניי וואס האט געוואגט איהם צו שליעסען אין קייטען האט שוין ארויסגעצויגען דעם שיקזאַל איהם צו פערניכטען. אָך פריינד! מיט יעדען שריט פון זונען־אונטערגאַנג, פערגרעסערט זיך מיין מורא. איך האב מורא פאר דיעזער נאַכט. קומט, לאָמיר זיך צוטהיילען, געהען פון אָרט צו אָרט און ארויסרופען די בירגער. זאָל יעדער נעהמען זיינע אַלטע געוועהר. אויפ׳ן מאַרק וועלען מיר זיך בעגעגענען און פון דאָרט וועלען מיר געהען ווייטער מיט דעם אָנגעזאמעלטען שטראָם. דער שונא וועט זיך זעהען ארומ־גערינגעלט, איבערוועלטיגט, און ער וועט זיין געצוואונגען נאָכצו־געבען. ווי קען דען אַ הייפעלע שקלאַפען זיך שטעלען געגען אונז? דאן וועט ער צוריקקעהרען צו אונז, זיך זעהען געראַטעוועט און ער וועט אונז איינמאָל קענען דאנקען, אונז, וועלכע זיינען איהם אזוי פיעל שולדיג. ער וועט אפשר, ניין, געוויס, וועט ער נאָך אַמאָל זעהען אַ זונען־אונטערגאַנג אויף די פרייע הימלען.

סטאָליאר.

ביסט קראַנק, מיידעל!

קלארע.

פערשטעהט איהר מיך ניט? איך רעד פון דעם גראף. איך רעד פון עגמאָנט׳ן.

יעטטער.

רופט ניט אָן דעם נאמען אפילו! עס קומט דערפאר טויט!

קלאַרע.

דעם נאמען ניט אָנרופען? וואס הייסט? ווער האט איהם דען ניט גערופען ביי יעדער געלעגענהייט? וואו שטעהט ער ניט פערשריעבען? אין דיעזע שטערען האב איך איהם אָפט געזעהען מיט אַלע זיינע בוכשטאבען. איהם ניט אָנרופען? וואס זאָל דאס בעדייטען, פריינדע? גוטע, טהייערע שכנים, איהר חלום'ט! דענקט נאָר איבער. קוקט מיך ניט אָן מיט אַזעלכע אויגען. איך זאג אייך נאָר דאס וואס יעדער פיהלט. ווער ווייס, אין דיעזער שרעקליכער נאכט, איידער ער וועט געהען שלאפען, ניט ניעדערקניען און בעטען גאָט ער זאָל ראטעווען זיין לעבען? פרעגט איינער ביים צווייטען; פרעגט זיך אליין! און ווער זאגט מיר ניט נאָך? „עגמאָנט'ס פרייהייט, אָדער דער טויט!“

יעטטער.

גאָט זאָל אונז אָבהיטען! עס וועט זיין אַן אונגליק!

קלאַרע.

בלייבט! בלייבט און רוקט זיך ניט אַזוי אוועק פון זיין נאמען, וועלכען איהר פלעגט תמיד מיט אַזוי פיעל פרייד דערמאָהנען. ווען מען האט אָנגעצייגט: „עגמאָנט קומט! ער קומט פון גענט!“ האבען זיך די בעוואוינער פון די גאסען געהאלטען פאר גליקליך, ווען ער איז דאָרט פאַרבייגעריטען. און ווען איהר האט געהערט זיינע פערד קלינגען, האט יעדער אוועקגעוואָרפען די ארבייט; פאר די פערקומערטע פנים'ער, וואס האבען ארויסגעקוקט פון די פענסטער, איז פלוצלינג פון זיינע אויגען, געקומען איבער זיי אַ זונען־שטראהל, און זיי געגעבען פרייד און האָפנונג. איהר פלעגט אויפהייבען אייערע קינדער און צו זיי זאגען: „זעהט, דאס איז עגמאָנט, דער גרעסטער דאָ! ער איז עס! פון דעם איז עס, דורך וועלכען איהר האט צו ערווארטען בעסערע צייטען, ווי דיעזע וואס אייערע עלטערן האבען דערלעבט.“ לאָזט אייערע אייך ניט דארפען פרעגען אַמאָל: „וואו איז ער אהינגעקומען? וואו זיינען די צייטען, וואס איהר האט פערשפראָכען?“

אזוי פערברענגען מיר די צייט מיט פוסטע ווערטער! טהוט גאָר ניט, פעררײַטה איהם!

### זאָגסט.

שעהמט זיך, בראַקענבורג! לאָזט זי ניט אזוי דעראַרבייטען! פערהאַלטען זי!

### בראַקענבורג.

ליעבע קלאַרע, לאָמיר געהן! וואס וועט די מוטער זאגען? אפשר —

### קלאַרע.

מיינסטו, אז איך בין א קינד, אָדער משוגע? וואס קען אפשר? פון דיעזער שרעקליכער געוויסהייט וועסטו מיך ניט אוועקפיהרען מיט קיין האָפנונג. איהר זאָלט און וועט מיך אויסהערען: איך זעה, אז איהר זייט ווי דערשלאָגען און איהר קענט זיך אליין ניט געפינען. לאָזט דורך דער געגענוואַרט איינדרינגען איין בליק פון דעם פערגאַנגענעם, דאס קורץ פערגאַנגענע. ווענדט אייערע אויגען צו דער צוקונפט, קענט איהר דען לעבען? וועט איהר לעבען ווען ער וועט צו גרונד געהען? מיט זיין אטהעם פערשווינדעט דער לעצטער הויך פון פרייהייט. וואס איז ער אייך געווען? פאר וועמען האט ער זיך איבערגעגעבען צו דער גרעסטער געפאהר? זיינע וואונדען האבען געפלאָסען און זיך געהיילט בלויז צוליעב אייך? די גרויסע נשמה, וואס האט אייך אַלע געטראגען, איז יעצט איינגעשפאַרט אין א קערקער, און די שרעק פון א גרויזאמען טויט שוועבט איבער איהם. ער דענקט פיעלליכט אָן אייך, ער האָפט אויף אייך; ער, וועלכער איז געוואָהנט נאָר צו געבען, נאָר צו ערפילען.

### סטאָליאר.

קומט, איהר געהט?

### קלאַרע.

און איך האב ניט קיין האנד און קיין מאַכט ווי איהר; דאָך האב איך, וואס אייך פעהלט גראַדע, מוטה און פעראַכטונג פאר געפאהר. הלואי וואָלט איך מיין אטהעם אָנגעצונדען, הלואי וואָלט

איך געקענט אייך צודריקען צו מיין ברוסט, אייך צו דערוואַרגען און אויפלעבען. קומט! צווישען אייך וועל איך געהען! — ווי א פאָהן, אפילו אָהן געוועהר, פיהרט אָן א בראַווע מחנה קריעגער, אזוי וועט מיין גייסט פלאַמען ארום אייערע קעפּ, און ליעבע און מוטה וועט פעראייניגען דאס צעגערענדע און צוריסענע פאָלק.

יעטטער.

נעהמט זי אוועק; א רחמנות אויף איהר, נעבעך.

קלאַרע.

וואוהין? אונטער'ן הימעל, וועלכער האט זיך הערליכער גע־וועלבט, ווען עגמאָנט איז אונטער איהם געגאַנגען. פון דיעזע פענ־סטער האבען זיי ארויסגעקוקט, פיער און פינף קעפּ היינטער־אנאנ־דער; ביי דיעזע טהירען זיינען די טרוסען געשטאַנען, זיך בייגענדיג און זיך קראַצענדיג, ווען ער האט פערפעהלט צו קוקען אויף זיי! אַך, ווי געאַכטעט זיי זיינען ביי מיר געווען, ווען זיי האבען איהם צוגע־טהיילט כבוד! וואָלט ער געוועזן א טיראַן, האבען זיי זיך געמענט אָב־ווענדען גלייכגילטיג פון זיין פאַל. אבער זיי האבען איהם ליעב גע־האט! אַך, איהר הענד וואס האט געקענט אזוי שנעל הייבען היטלען פאר איהם, קענט איהר ניט האַלטען א שווערט? בראַקענבורג — און מיר? בעליידיגען מיר זיי? דיעזע ארעמס, וואס האבען איהם אזוי אָפּט פעסטגעהאַלטען, וואס טהוען זיי פאר איהם? ביטראַסט האט שוין אזוי פיעל אויפגעטהאָן. דו קענסט וועגען און שטעגען, קענסט דאס אַלטע שלאָס. עס איז ניט אונמעגליך — גיב מיר עפּעס א פּלאַן —

בראַקענבורג.

מיר זאָלען געהען אהיים.

קלאַרע.

גוט.

בראַקענבורג.

דאָרט, אויפ'ן עק גאַס, זעה איך אַלוואַ'ס וואַך; לאָז דאָך צו

דיר רעדען א ווארט מיט שכל. האלטסטו מיך פאר א פייגלינג? גלויבסטו ניט, אז איך וואלט געקענט שטארבען פון דיינטוועגען? דא זיינען מירביידע משוגע, איך אזוי גוט ווי דו. זעהסטו ניט דאס אונמעגליכע? בערוהיג דיך נאר אביסעל, דו ביסט אויסער דיר.

### קלארע.

אויסער מיר! בראקענבורג, דו ביסט אויסער דיר. ווען איהר האט דעם העלד אין דער הויך פערעהרט, איהם גערופען פריינד, שוטץ און האפנונג, צו איהם געשריען וויוואט, בין איך מיר געשטאנען אין מיין ווינקעל, האב האלב אויפגערוקט דאס פענסטער, מיך בע־האלטען צוהערענדיג, און דאס הארץ האט ביי מיר געקלאפט העכער ווי ביי אייך אלע! איהר בעהאלט אייך ווען ער איז אין דער נויטה, איהר פערלייקענט איהם און פיהלט ניט, אז איהר געהט אונטער, ווען ער וועט דא ניט זיין.

### בראקענבורג.

קום אהיים.

### קלארע.

אהיים?

### בראקענבורג.

בערעכען דיך נאר! קוק דיך ארום! אט דאס איז די גאס, אין וועלכער דו ביסט נאר דורכגעגאנגען אם זונטאג, בשעת דו ביסט צניעות'דיג געגאנגען אין קירכע, און איך בין צו דיר צוגעגאנגען מיט א פריינדליכען גרוס. דו ביסט געשטאנען און גערעדט, און געהאנדעלט פאר די אויגען פון דער אפענער וועלט; בערעכען דיך נאר, ליעבע, וואס העלפט עס אונז?

### קלארע.

אהיים? יא, איך דערמאהן מיך. קום, בראקענבורג, אהיים. ווייסטו וואו מיין הויז איז?

(אב.)



# געפענגניס.

(בעלייכטעט דורך א לאָמפּ. א בעט אין הינטערגרונד.)

עגמאָנט (אליין).

אַלטער פריינד! דו אימער געטרייער שלאָף, ביסטו אויך פון מיר אוועק ווי די איבריגע פריינד? ווי ווילענדיג דו פלעגסט דיך ארונטערלאָזען אויף מיין פרייען קאָפּ, און האסט געקיהלט מיינע שלייפען ווי א שעהנער מירטהען־קראַנץ פון ליעבע! אינמיטען צוויי־שען געוועהר, אויף דער וואָגשאָל פון לעבען, האב איך גערוהעט און געאטהעמט לייכט אין דיינע ארעמס פונקט ווי א קליינער אינגעל. ווען שטורמס האבען געברויזט דורך צווייגען און בלעטער, און קראַ־כענדיג בעוואויגען דעם אַלטען בוים, איז דער תוך פון מיין הארצען פערבליעבען ניט געשטערט. וואס טרייסעלט דיך יעצט? וואס צי־טערט אויף דעם פעסטען און געטרייען זינן? איך פיהל עס, עס איז דער קלאַנג פון דער מאָרד־האַק, וואס וויל אויפנאַשען מיין וואָרצעל. אָט שטעה דאָרט זיך גלייך, און דאָך טרייסעלט מיך אָן אינוועניג־סטער שטורם. די פעררעטהערישע געוואַלט זיעגט; זי גראָבט אונטער דעם פעסטען און הויכען שטאַם, און נאָך איידער די קאָרע ווערט פער־דאַרט, ברעכט צוזאַמען צושמעטערענדיג די קרוין.

וואס איז יעצט עפּעס מעהר ווי תמיד? האב איך ניט אימער פונקט ווי זייפענבלאָזען ארונטער געשאַרט די גרעסטע זאָרגען פון מיין קאָפּ? וואס איז מיט דיר, עגמאָנט, פון ווען אָן שרעקסטו זיך אזוי פאר'ן טויט? אַמאָל האסטו מיט איהם פונקט אזוי רוהיג גע־לעבט ווי מיט די איבריגע געשטאַלטען פון דער בעוואוינטער ערד. — אבער עס איז ניט ער, דער פלוצלינגער שונא, פאר וועמען דער געזונ־

דער בוזים פלאַטערט; עס איז דער קערקער, די עמבלעמע פון קבר, וואס איז אזוי אבשטויסענד פאר'ן העלד ווי פאר'ן טרוס. אונערטרעגליך איז עס שוין געווען, ווען אין די פרעכטיגע זאלאָנען, ארומגעגאַרטעלט מיט פינסטערע ווענט, זיטצענדיג אויף מיין ווייכען שטוהל אין דער ערנסטער פערזאַמלונג פון פרינצען, האט מען נאַרישע פראַגען ניט אויפגעהערט צו דיסקוטירען, וועהרענד די סטעלע האט אויסגעזעהען מיך צו דערשטיקען. דאַן פלעג איך, אזוי שנעל ווי מעגליך, ענטלויפען, ארויפשפרינגען אויף מיין פערד, און מיט א טיעפען אַטהעם־צוג, ענטלויפען. איך פלעג אוועק אויפ'ן פעלד, וואו די ערד דאַמפּפט אויס די וואָהלטהאַט פון דער נאַטור, און דורך די הימלען און שטערען טראגען זיך ברכות; דאָרט אהין פלעג איך לויפען, וואו מיר זיינען גלייך צו די ערד־געבוירענע ריעזען, וואו די בעריהרונג מיט אונזער מוטער רייסט אונז קרעפטיגער ארויף אויבען; וואו מיר פיהלען די מענשהייט און די מענשליכע בעגעהרען אין אלע אָדערן; וואו עס גליהט אין דעם יונגען יעגער דער חשק ווייטער צו געהען, צו בעזיעגען, צו כאַפּען, זיין פויסט צו געברויכען, צו בעזיטצען און עראָבערן! וואו דער סאָלדאַט מעסט זיך אָן דאס רעכט אויף דער גאַנצער וועלט, און אין פירכטערליכער פרייהייט ווי א האָגעלוועטער קרייצט ער דורך לאַנקע, פעלד און וואַלד, און ווייסט פון קיין גרענעצען און איז פון קיין מענשען־האַנד צוריקגעהאַלטען.

יעצט ביסטו אלעם בלויז א בילד, א חלום פון זכרונות פון גליק, וואס איך האב אזוי לאַנג געהאַט; וואוהין האט דיך דאס מזל פערראַטהעריש פערפיהרט? ערלויבט עס דיר ניט צו בעגעגענען דעם שנעלען שלאַג פון אונפערמיידליכען טויט אין מיטען העלען טאַג, אום דיך פאַרצובערייטען פאר'ן טעם פון קבר, צווישען דיעזער אבשייליכער קאָרופּציאָן? ווי אבשייליך עס פיהלט זיך פון דיעזע שטיינער! דאס לעבען ווערט פערשטיערצט, און מיין פוס וויל ניט געהען ניט צום רוהע־בעט, ניט צום קבר.

אַך, זאָרג, זאָרג! דו, וועלכע פאַנגט אָן פריהצייטיג דעם מאָרד, לאָז מיך אָב; פון ווען אָן איז עס עגמאָנט אליין, איינער אליין אין דיעזער וועלט? דיך מאַכט דער צווייפעל געפיהללאָז, ניט דאס גליק. איז די גערעכטיגקייט פון דעם קעניג, וועמען דו האסט תמיד פערטרויעט, איז די פריינדשאַפט פון דער רעגענטין, וועלכע איז געווען

(זיי דיך מודה). כמעט ליעבע, זיינען זיי אלע אויף איינמאָל ווי א גלענצענדעס פייערבילד פון דער נאכט, פערשוואונדען? לאָזען זיי דיך אליין צוריק אויפ'ן פינסטערן וועג? וועט ניט אָראניען, מיט זיינע פריינד, עפּעס וואגען? וועט זיך דאס פאָלק ניט פערזאמלען און מיט גרויסער געוואלט ראטעווען אן אלטען פריינד?

איהר וועגט, וואס גארטעלט מיך ארום, האלט ניט צוריק דאס גוטע דרענגען פון די פיעלע גוטע נשמות. זאָל דער מוטה, מיט וועלכען מיין בליק פלעג זיי אָפּט בעגייסטערן, זאָל ער יעצט צוריקקעהרען פון זייערע הערצער צו מיר. אָה, יא, זיי ריהרען זיך, די טויזענדער! זיי קומען! זיי שטעהען מיר ביי! זייער פרומער וואונש איילט שנעל צום הימעל און פערלאנגט עפּעס א וואונדער. און אויב צו מיין רעטונג שטייגט ניט ארונטער א מלאך, דאן זעה איך זיי גרייפען שפּיעז און שווערט. די טויערן שפּאלטען זיך, די גראטעס ווערען צושפּרונגען, די מויער פאלט איין פון זייערע הענד, און עגמאָנט געהט פרעהליך ענטקעגען דער פרייהייט פון דעם פייערליכען טאג! וואו פיעלע בעקאנטע געזיכטער עס עמפּפאנגען מיך יובעלענד! אַך, קלארא, ווען דו וואָלסט געווען א מאן, וואָלט איך דיך צוערשט געוויס געזעהען, און דיר געדאנקט פאר דער פרייהייט!



# קלאַרע'ם הויז.

## קלאַרע.

(זי קומט ארויס פון דער קאַמער מיט אַ לאָמפּ און אַ גלאָז וואַסער; זי שטעלט דאס גלאָז וואסער אויפ'ן טיש און געהט צום פענסטער:)

בראקענבורג? ביסטו עס? וואס הער איך דען? נאָך קיינער? קיינער איז עס געווען? איך וועל שטעלען דעם לאָמפּ אויפ'ן פענסטער, אז ער זאָל זעהען, דאס איך בין נאָך וואַך, אז איך ווארט אויף איהם. נאַכריכט? שרעקליכע געוויסהייט! — עגמאָנט פערורטהיילט! — וואס פאר אַ געריכט דארף איך פאָדערן? און זיי פערדאַמען איהם! דער קעניג פערדאַמט איהם, אָדער דער הערצאָג? די רעגענטין ציהט זיך צוריק! אָראַניען צעגערט מיט אַלע זיינע פריינד! — איז דאס די וועלט פון וועמעס פאַלשקייט און אונזיכערקייט איך האב אזוי פיעל געהערט און ניט געפיהלט? איז דאס די וועלט? ווער האט געקענט זיין אזוי שלעכט צו טראגען אַ שנאה געגען אַזאַ טהייערן מענשען? האט געקענט זיין די געמיינהייט אַליין אזוי געמיין, אַז זי זאָל, מיט פּלוצלינגער צושטערונג פערניכטען אזוי שנעל די אַכטונג פון אַ גאַנצער נאַציאָן? דאָך איז עס אזוי — אזוי איז עס! — אַך, עגמאָנט, זיכערער האב איך דיך געהאַלטען פאר גאָט און פאר מענשען ווי אין מיינע ארעמס! וואס בין איך דיר געווען? דו האסט מיך גערופען דיינע, און מיין גאַנצעס לעבען האב איך געווידמעט פאר דיין לעבען. — וואס בין איך יעצט? אומזיסט שטרעק איך אוים די האנד אָנצוכאַפּען די פּעטלע, וואס האַלט דיך. דו ביסט הילפלאָז און איך בין פריי! — דאָ איז דער שליסעל צו מיין טהיר. איך קען געהען און קומען וואוהין איך וויל, און דאָך קען איך דיר גאָר ניט העלפען. —

אַך, בינדט מיך, כדי איך זאָל ניט פערצווייפלען; ווארפט מיך אריין אין טיעפען קערקער, כדי איך זאָל שלאגען מיט מיין קאָפּ אן די ווענט, שרייען נאָך פרייהייט, און חלום'ן ווי איך וואָלט איהם געקענט ראַטעווען, ווען קייטען זאָלען מיך ניט האַלטען געשלאָסען. — אבער איך בין פריי, און אין דער פרייהייט ליעגט די שרעק פון אָהנמאַכט. — איך וויים, אז איך בין ניט פעהיג אפילו א גליעד צו ריהרען פאר זיין הילף. אַך, ליידער, אפילו דער קליינער טהייל פון דיר, דיין קלאַרע, איז ווי דו, א געפאנגענע, און אָבגעטהיילט פון דיר פערמאַטערט זי זיך צו טויט. איך הער געהען, הוסטען — בראַקענבורג, — ער איז עס! עלענדער גוטער מאַן! דיין שיקזאַל בלייבט תמיד גלייך; דיין געליעבטע עפענט דיר טהיר די ביי נאַכט, און אַך! צו וואס פאר א טרויעריגע בעגעגעניש!

בראַקענבורג (ערשיינט).

קלאַרע.

דו קומסט אזוי בלייך און דערשראָקען. בראַקענבורג, וואס בע־דייט דאס?

בראַקענבורג.

דורך אומוועגען און געפאהרען האב איך דיך אויפגעזוכט. די גרויסע גאַסען זיינען בעלאַגערט; דורך געסלעך און ווינקלען האב איך מיך אהער פער'גנב'עט.

קלאַרע.

דערצעהל, וואס טהוט זיך?

בראַקענבורג (זעמצט זיך).

אַך, קלאַרא, לאָז מיך וויינען! איך האב איהם ניט ליעב געהאט. ער איז געוועזען דער רייכער מאַן און פערנאַרט דעם אָרעמאַן'ס שעפ־סעלע אויף בעסערער פאַשע. איך האב נאָך קיינמאָל ניט געשאָלטען; גאָט האט מיך בעשאַפען טריי און וועיך. אין שמערצען האט זיך גע־האַלטען אין אויסלאָזען מיין לעבען, און אזוי האב איך גערעכענט צו פערשמאַכטען.

קלארע.

פערגעס דאס, בראקענבורג! פערגעס דיך אליין! דערצעהל מיר פון איהם! איז עס אמת, אז ער איז פעראורטהיילט?

בראקענבורג.

יא, ער איז פעראורטהיילט.

קלארע.

און לעבט ער נאך?

בראקענבורג.

יא, ער לעבט נאך.

קלארע.

ביסטו זיכער? די טיראנייע ערמארדעט ביי נאכט דעם הערליכען! זיין בלוט פליעסט פערבארגען פון אלע אויגען. פול מיט אנגסטען אין שלאף ליעגט דאס בעטויבטע פאלק און חלום'ט פון רעטונג, חלום'ט פון דער ערפיללונג פון זיין אהנמעכטיגען וואונש. ער איז שוין ניטא! — נאר מיך ניט, דיך ניט!

בראקענבורג.

ניין, געוויס, ער לעבט! — און ליידער! דער שפאניער פארבערייטעט פאר'ן פאלק, וואס ער וויל צוטרעטען, א שרעקליכעס שוישפיעל, אום דערמיט געוואלטזאם צו צורייסען יעדעס הארץ, וואס שטרעבט נאך פרייהייט.

קלארע.

געה ווייטער און רעד רוהיג ארויס אויך מיין טויטעס אורטהייל. נעהענטער און נעהענטער קום איך אלץ צום געבענשטען לאנד, און איך פיהל שוין, פון יענע פריעדענס-קעניגרייכען, דעם אטהעם פון טרייסט. זאג וואס דו האסט צו זאגען.

## בראקענבורג.

איך האב עס מיר געקענט מערקען פון די וואכען, וועלכע לאָזען ארויס א פאאר ווערטער, אז אויפ'ן מארק ווערט געהיימניספאָל פאָר־בערייטעט א שרעקענס־בילד. איך בין געגאנגען דורך זייטען־וועגען, דורך בעקאנטע גיינג, ביז צו מיין פעטער'ס הויז, און בעקוקט פון א הינטער־פענסטער אויפ'ן מארק. פאקלען האבען געוועהעט הין און הער אין די הענד פון א קרייז שפאנישע סאָלדאטען. איך האב מיך גוט צוגעקוקט און דערזעהען עפּעס א גרויסע געביידע, הויך; מיך האט געשווינדערט פאר דעם אנבליק. פיעלע ארום זיינען געווען בעשעפ־טיגט, און וואס עס איז נאָך געווען ווייס פון דעם האָלץ־ווערק, האבען זיי איינגעהילט מיט שווארצען טוך. די טרעפּען האבען זיי צולעצט צוגעדעקט מיט שווארצען. זיי האבען אויסגעזעהען פּאָרצו־בערייטען די פייערונג פון א שרעקליכען קרבן. א ווייסער צלם, וואס האט ווי זילבער געבלאנקט דורך דער נאכט, האבען זיי אניעדערגע־שטעלט ביי דער זייט. איך האב געזעהען און געזעהען די שרעקליכע געוויסהייט אלץ געוויסער. פאקלען האבען געבליטצט ארום; פאמע־לאך אבער האבען זיי זיך אויסגעלאָשען. דאן האט אויף איינמאָל צו־ריקגעקעהרט די שרעקליכע געבורט פון דער נאכט אין איהר מוטער'ס שויס.

## קלארע.

שטיל, בראקענבורג! יעצט שטיל! זאָל דיעזער שלייער רוהען אויף מיין נשמה. די שאטענס זיינען פערשוואונדען, און די שעהנע נאכט, לייה דיין מאנטעל דער ערד, וואס זידט און קאָכט אין זיך; זי קען מעהר נימ פערטראגען די אבשייליכע לאסט, זי רייסט מיט גע־וואלט אויף איהרע טיעפע שפאלטען, און קראכט ארונטער די מאָרד־געביידע. און גאָט, וועמען זיי האבען געשענדעט, שיקט ארונטער זיין מלאך פון הימעל; פון זיין הייליגער בעריהרונג פלאטצען די ריעגלען און קייטען, און ער גיסט ארום דעם פריינד מיט מילדען שיין, ער פיהרט איהם דורך דער נאכט זאנפט און שטיל צו דער פרייהייט. און אויך מיין וועג איז אהין אום איהם צו בעגעגענען.

בראקענבורג (זי איינהאלטענדיג).

מיין קינד, וואוהין? וואס ווילסטו טהון?

קלארע.

שטיל, געליעבטער, זאלסט קיינעם ניט אויפוועקען! שטיל, אז מיר אליין זאלען ניט ערוואכען! קענסטו דאס פלעשעלע, בראקענבורג? איך האב עס ביי דיר אוועקגענומען אין שפאס, ווען דו האסט אפט געסטראשעט מיט אן איבעראיילטען טויט — און יעצט, מיין פריינד —

בראקענבורג.

אין נאמען פון אלע הייליגע —

קלארע.

קענסט מיר גאר ניט שטערען. טויט איז מיין איינציגער חלק. פערגין מיר דעם זאנפטען, שנעלען טויט, וואס דו אליין האסט פארבערייטעט. גיב מיר דיין האנד! — אין דעם אויגענבליק, וואס איך עפען דעם טונקלען טויער, פון וואנען מען קען שוין ניט געהען צוריק, קען איך דיר צייגען מיט דיעזען האנד־דרוק, ווי אזוי איך האב דיך געליעבט, ווי אזוי איך האב דיך בעדויערט. מיין ברודער איז מיר יונג געשטארבען; דיך האב איך אויסגעקליעבען אויסצופיללען זיין שטעלע. דיין הארץ האט רעוואלטירט און עס האט דיך און מיך געקוועהלט; האסט געוואלט אימער הייסער און הייסער, וואס פאר דיר איז ניט געווען בעשטימט. זיי מיר מוחל און לעב וואהל! לאמיך דיך רופען ברודער. עס איז א נאמען, וואס נעהמט אריין אין זיך פיעלע נעמען. נעהם, מיט א טריי הארץ, די לעצטע שעהנע בלום פון דער שיידענדער — נעהם דיעזען קוש. בראקענבורג, דער טויט פעראייניגט אלעס, אונז אויך.

בראקענבורג.

דאן לאז מיך שטארבען מיט דיר. טהייל דיך מיט מיר, טהייל דיך! עס איז גענוג אויסצולעשען צוויי לעבענס.

### קלארע.

בלייב! דו זאָלסט לעבען, דו קענסט לעבען! דו מוזט ביישטעהען מיין מוטער, וועלכע וועט אָהן דיר אויסגעהען אין דלות. זיי פאר איהר וואס איך קען פאר איהר מעהר ניט זיין; לעבט צוזאַמען און בעוויינט מיך. בעוויינט דאס פאַטערלאַנד און דעם, וועלכער האט עס געקענט ראַטעווען. דער היינטיגער דור קען פון דיעזען יאַמער ניט לויז ווערען; די וואוטה פון דער ראַכע אליין קען איהם ניט פערטיליגען. לעבט איהר, ארעמע, יענע צייט ווייטער, וואס איז גאָר קיין צייט ניט. היינט שטעהט די וועלט שטיל אויף איינגעל; עס הערט אויף איהר לויף, און מיין דופק וועט נאָך קוים קלאַפּען עטליכע מינוטען. לעב וואָהל.

### בראקענבורג.

אַך, לעב דו מיט אונז, ווי מיר פאר דיר אליין! דו טויטעסט אונז און דיר; אָה, לעב און לייד! מיר וועלען ניט צושיידט שטעהען ביי דיינע ביידע זייטען, און אימער זאָל דיר די ליעבע איהר שעהנ־סטען טרייסט געבען. זיי אונזערע! אונזערע! איך וועל ניט זאגען, מיינע!

### קלארע.

שטיל, בראקענבורג. דו פיהלסט ניט וואס דו ריהרסט. דאָרט וואו דיר ערשיינט האָפנונג, איז פאר מיר פערצווייפלונג.

### בראקענבורג.

טהייל מיט די לעבעדיגע די האָפנונג. פערבלייב ביים ראַנד פון תהום, קוק אראָב און ווענד זיך אום צו אונז צוריק.

### קלארע.

איך האב געזיעגט, רוף מיך ניט ווידער צום קריעג.

### בראקענבורג.

דו ביסט בעטויבט; געהיעלט אין נאכט זוכסטו די טיעפקייט. יעדעס ליכט איז נאָך ניט אויסגעלאָשען, עס זיינען נאָך דאָ טעג!

קלארע.

וועה איבער דיר, וועה! גרויזאם צורייסטו דעם פֿארהאנג פֿאר מיינע אויגען! יא, עס וועט אויך אָנהייבען צו טאגען. עס וועט טאגען טראָטץ אלע וואָלקענס ארום זיך. אבער מיט שרעק בליקט דער בירגער פון זיין פענסטער, די נאכט לאָזט צוריק א שווארצען פלעק; ער בליקט, און שוידערליך וואקסט אין ליכט די מארד-געביידע. מיט נייע יסורים ווענדעט זיך דאס פעראונהייליגטע גאָטטעס-בילד מיט בעטענדע אויגען ארויף צום פאטער אין הימעל. די זונן וואגט ניט ארויסצוקומען; זי וויל ניט בעצייכענען די שטונדע, אין וועלכער ער וועט שטארבען. מיעד געהען די ווייזערס זייער וועג, און איין שטונדע שלאגט נאָך דער אנדערער. האלט! האלט! יעצט איז עס צייט. דער געדאנק פון דעם מאָרגען טרייבט מיך אין קבר אריין! (געהט צו צום פענסטער, ווי זי זאָל זיך אומקוקען, און טרינקט בסוד.)

בראקענבורג.

קלארע! קלארע!

קלארע (געהט צום טיש און טרינקט דאס וואסער).

אָט דאָ איז דער רעסט. איך וויל ניט דו זאָלסט מיר נאכגעהען. טהו וואס דו דארפסט, לעב וואָהל! לעש אוים דיעזען לאָמפּ שטיל און אָהן צעגערן. געה לאנגזאם ארוים, פערמאַך די טהיר נאָך דיר. שטיל, וועק ניט מיין מוטער. געה, ראטעווע דיך. ראטעווע דיך, ווען דו ווילסט ניט עס זאָל אויסזעהען, אז דו ביסט מיין מערדער.

(אב.)

בראקענבורג.

זי פערלאָזט מיך, ווי אימער, צום לעצטען מאָל. וואס פאר א מענשליכע זעעלע קען פיהלען, וואס פאר א ליעבענדעס הארץ זי האט צוריסען. זי לאָזט מיך שטעהען, איבערגעלאָזט אויף מיר אליין; דער טויט און דאס לעבען —ביידע זיינען מיר פערהאסט. אליין צו שטארבען! — וויינט, איהר ליעבענדע, עס איז ניטאָ קיין ביטערער

מזל ווי מיינער, זי טהיילט מיט מיר דעם טויטען טראָפּען און שיקט מיך אוועק. זי שלעפּט מיך נאָך און ווארפט מיך צוריק אין לעבען. אַך, עגמאָנט, ווי מען דארף מקנא זיין דיין גורל! זי געהט פאראוים; דער זיעגעס־קראַנץ פון איהר האנד איז דיינער, זי וועט דיר ענטקעגען ברענגען דעם גאנצען הימעל. — ווען זאָל איך נאָכקומען? ווידער דארפען שטעהען ביי דער זייט? זאָל איך טראגען אין דער אונענדליכקייט די אונאויסגעלאָשענע אייפערזוכט? אויף דער ערד קען איך מעהר ניט בלייבען, און די העללע מיט׳ן הימעל זיינען דיעזעלבע מארטער פאר מיר. די שווידערהאפטע אייביגע פערניכטונג איז אַמאָל א ברכה פאר דעם אונגליקליכען!

(בראקענבורג אב; דאס טהעאטער בלייבט אביסעל אונפערענדערט; א מוזיק פאנגט אָן, אָנצייגענדיג קלארע׳ס טויט. דער לאָמפּ, וועלכען בראקענבורג האט פערגעסען אויסצולעשען, פלאקערט אויף נאָך איין מאָל און לעשט זיך אויס. באלד פערוואנדעלט זיך דער שויפּלאטץ אין דאס

געפענגניסס.

(עגמאָנט ליעגט שלאָפענדיג אויפ׳ן בעט. עס הערט זיך א גערויש פון שליסלען, די טהיר עפענט זיך. דיענער מיט פאקעלען קומען אריין; מיט זיי געהט אויך פערדינאנד, אלוואַ׳ס זוהן, און סילווא, בעגלייטעט פון בעוואפענטע. עגמאָנט כאפּט זיך אויף פון שלאָף.)

עגמאָנט.

ווער זייט איהר, וואס רייסט מיר אוועק אזוי אונפריינדליך דעם שלאָף פון די אויגען? וואס מיינען אייערע להכעיס׳דיגע און פרעכע בליקען? וואס איז פאר אזא שרעקליכע פּאראדע? וואס פאר א בייזען חלום קומט איהר פּאָרלעגען פאר דער האלב־ערוואכטער נשמה?

סילווא.

אונז שיקט דער הערצאָג דיר אָנצוזייגען דיין אורטהייל.

עגמאָנט.

ברעננסטו שוין אויך מיט דעם תליון דאס דורכצופיהרען?

סילוואַ.

הער עס, ווערסטו וויסען וואס דיך ערוואַרטעט.

עגמאָנט.

עס פּאַסט גאַנץ גוט צו אַלע אייערע אונפערשעמהייטען. אויס־זעוואָרענט בייגאכט און ביינאכט אויסגעפיהרט. אזוי ווילען דיעזע מעשים תעתועים זיך בעהאַלטען. — קום מוטהיגער אַהער, דער, וועל־כער האַלט פערהיעלט דאס שווערט אונטער דעם מאַנטעל; דאס איז מיין קאָפּ, דער פרייעסטער, וואס די טיראַניי האט נאָך ווען עס איז ארונטערגעריסען פון האַלז.

סילוואַ.

האסט א טעות! וואס גערעכטע ריכטער בעשליעסען, וועלען זיי פאר׳ן טאג ניט בעהאַלטען.

עגמאָנט.

אויב אזוי, דאן איבערשטייגט די חוצפה יעדען בעגריף און יעדען געדאנק.

סילוואַ (נעהמט פון איינעם דאס אורטהייל און לעזט:)
„אין נאמען פון דעם קעניג און דורך בעזונדערע קראַפט פון זיין מאַיעסטעט, וואס איז אונז איבערגעגעבען, צו אַלע אונטערטהאַנען, פון וועלכען שטאַנד זיי זאָלען זיין, אפילו אויך די ריטער פון גאָלדע־נעם פליעס, אנערקענען מיר" —

עגמאָנט.

קען דאס דער קעניג איבערגעבען?

סילוואַ (לייענט ווייטער:)

„אנערקענען מיר נאָך א שטרענגער און געזעצליכער אונטערזוך־

כונג, דיך, היינריך, עגמאָנט, פרינץ פון גאָר, — אַנערקענען מיר דיך פאַר שולדיג. אין האָכפערראַטה און מיר שפּרעכען אויס דאס אור־טהייל: אז דו זאָלסט גאַנץ פריה, מיט דעם ערשיינען פון מאָרגען, ארויסגעפיהרט ווערען פון דעם קערקער אויפ'ן מאַרק, און דאָרט, אין דער געגענוואַרט פון פאָלק, אלס אַ וואַרנונג צו אלע פעררעטהער, זאָלסטו געבראכט ווערען דורך דעם שווערט צום טויט. געגעבען אין בריססעל אַם:

(דאַטום און דאס יאהר ווערען אונדייטליך געלעזען,
און די צוהערער פערשטעהען עס ניט.)

פערדינאַנד, הערצאָג פון אַלוואַ,

פאָרזיטצער פון דעם געריכט פון צוועלף.״

יעצט ווייסטו דיין שיקזאַל; עס בלייבט דיר איבער ווענינ צייט צו אַראַנזשירען וואס דו דאַרפסט און נעהמען אַבשיעד פון דיינע פריינד.

(סילוואַ מיט די בעגלייטער געהען אב. עס בלייבט פער־דינאַנד און צוויי פאַקעל־טרעגער. דאס טהעאַטער איז האַלב־טונקעל בעלייכטעט.)

## עגמאָנט.

(ער איז געבליעבען שטעהען אַ ווײַלע פערזונקען אין געדאַנקען. ער לאָזט סילוואַ'ן אוועקגעהן איהם ניט נאָכקוקענדיג. ער מיינט ער איז אליין; ווי ער מאַכט אויף די אויגען דערזעהט ער אַלוואַ'ס זוהן.)

דו שטעהסט און בלייבסט? ווילסטו אפשר פערמעהרען מיין ערשטוינען און מיין שרעק דורך דיין געגענוואַרט? ווילסטו נאָך אפשר ברענגען די ווילקאָמענע בשורה דיין טאַטען, אז איך האב פער־צווייפעלט ווי אַ טרום? געה, זאג איהם, אז ער קען מיך ניט נאַרען און אויך ניט די וועלט. איהם, וועלכער זוכט בעריהמטקייט, וועט מען עס פריהער שטילערהייט צומורמלען, אין אויער איינראַמען, און ווען ער וועט ארונטערגעשליידערט ווערען פון זיין הויכקייט, וועלען טויזענדער שטימען אויסרופען: אַהער האבען איהם ניט געבראַכט די טובה פון שטאַאַט, דער כבוד פון קעניג און ניט די רוה פון די פראָ־

ווינצען. פון זיינעט וועגען האט ער געראַטהען קריעג, כדי דער קריעגער זאָל זיך אויסצייכנען אין קריעג. ער האט ארויסגערופען דיעזע גרויסע מהומה, כדי מען זאָל איהם בעדאַרפען. און איך פאַל אַ קרבן פון זיין ניעדריגען האַס, פון זיין מיאוסער קנאה. יא, איך וויים עס און איך מעג עס זאגען; דער שטאַרבענדער און טויטליך פער־וואונדעטער קען עס זאגען; מיר האט דער אונגעבילדעטער מקנא געווען; מיך צו פערטיליגען האט ער שוין לאַנג געקלערט און גע־טראַכט.

נאָך דאמאלס, ווען מיר האבען געשפּיעלט מיט ווירפלען, און די הויפען גאָלד פון זיין זייט זיינען צו מיר אריעבערגעכאַפּט געוואָרען, איז ער געווען אַנגעצונדען פאַר כעס, זיך געמאַכט רוהיג, און אינוועניג האט איהם געקריינקט מעהר פאַר מיין גליק ווי פאַר זיין פערלוסט. איך דערמאָהן מיך נאָך אָן דעם פינקלענדען בליק, אָן דער פעררע־טהערישער בלאַסקייט, ווען מיר האבען געשאָסען אין א יום־טוב אויף א וועט פאַר פיעלע טויזענדער מענשען. ער האט מיך אויפגעפאָדערט, אוןביידע נאַציאָנען זיינען געשטאַנען מיט אונז; די שפּאַניער און ניעדערלענדער האבען געוועט, יעדער פאַר זיינעם. איך האב איהם בעזיעגט; זיין קויל איז פערפלויגען, מיינע האט געטראָפען. א הויכער פריידען־געשריי פון מיינע לייט האט דורכגעבראָכען די לופט. יעצט טרעפט מיך זיין שאָס. זאג איהם, אז איך וויים עס, אז איך קען איהם, אז די וועלט פעראַכטעט אַזעלכע אבשייליכע זיעגער. און דו, הער, אויב עס איז מעגליך פאַר א זוהן ניט נאָכצוגעהען אין די וועגען פון זיין פאטער, הויב דיך אָן בעצייטען צו שעהמען, דערמיט וואס דו זאָלסט זיך שעהמען פאַר דעם, וואס דו וואָלסט וועלען בעעהרען.

## פערדינאַנד.

איך האב דיך אויסגעהערט און דיך ניט געוואָלט אונטערברעכען. דיינע פאָרווירפע זיינען ווי שווערע קלעפּ אויף א קיווער; איך פיהל דעם שטויס, אבער איך בין בעוואפענט. דו האָסט מיך געטראָפען, אבער ניט פערוואונדעט; איך פיהל בלויז דעם וועהטאג, וואס צורייסט מיין הארץ. וועה מיר, וועה, וואס איך בין אויפגעוואקסען געוואָרען און געשיקט צו זעהען אזא בילד!

### עגמאָנט.

קלאגסט נאָר? וואס ריהרט און וואס קימערט דיך? איז עס אפשר א שפּעטע חרטה, וואס דו האסט דיך איבערגעגעבען צו דער פערשווערונג? דו ביסט אזוי יונג און ביסט גאַנץ אַנגענעהם. די בע־נעהמונג צו מיר איז געוועזן פערטרויליך און פריינדליך. כל־זמן איך האב דיך געזעהען, האב איך מוחל געוועזן דיין פאטער. און פּונקט אזוי פערשטעלט, אָדער נאָך פערשטעלטער ווי ער, האסטו מיך אריינגע־נארט אין דער נעטץ. דו ביסט דער אבשייליכער! ווער עס געטרויעט א טייוועל, טהוט ער עס אויף אייגענער געפאהר! אבער ווער האט דען מורא געהאט פאר געפאהר דיר צו געטרויען? געה, געה, רויב מיר כאָטש ניט די געבליעבענע עטליכע אויגענבליק; געה, כדי איך זאָל צוזאמען נעהמען מיינע געדאנקען, אום צו פערגעסען אָן דער וועלט און איבערהויפּט אָן דיר!

### פערדינאַנד.

וואס זאָל איך דיר זאגען? איך שטעה און קוק דיך אָן און זעה דיך ניט און פיהל מיך ניט. זאָל איך מיך ענטשולדיגען? זאָל איך דיך פערזיכערן, אז איך האב ערשט שפּעט, גאַנץ צולעצט ערפאהרען מיין פאטער'ס אבזיכט? אז איך האב געהאנדעלט אלס א געצוואונגענעס װערקצייג פון זיין ווילען? וואס העלפט עס וואס פאר א מיינונג דו האסט פון מיר? דו ביסט פערלוירען; און איך, אונגליקליכער, שטעה נאָר דאָ, אום דיר עס צו פערזיכערן, דיך צו בעקלאגען.

### עגמאָנט.

וואס פאר א זאָנדערבארע שטימע, וואס פאר אונערוואַרטעטער טרייסט בעגעגענט אויפ'ן וועג צום קבר? דו, זוהן פון מיין ערשטען, כמעט איינציגען שונא, דו בעדויערסט מיך, דו געהערסט ניט צו מיינע מערדער? זאג, רעד, פאר וועמען זאָל איך דיך האלטען?

### פערדינאַנד.

גרויזאמער פאטער! יא, איך דערקען דיך אין דיעזען געפיהל,

דו האסט געקענט מיין הארץ, מיינע געדאנקען, וואס דו האסט אזוי אָפט בעליידיגט, אז עס בעלאנגט צו מיין צערטליכער מוטער. אום מיך צו מאכען ווי דו ביסט, האסטו מיך אהער געשיקט. אום צו זעהען דיעזען מענשען ביים געעפענטען קבר, אין דער געוואלט פון א להכעיס׳דיגען טויט, האסטו מיך געצוואונגען אהער צו קומען און פיהלען, אז איך בין טויב געגען שיקזאל, אז איך פיהל נאָר ניט.

עגמאָנט.

איך בין ערשטוינט! בערוהיג דיך! שטעה, רעד ווי א מאן!

פערדינאנד.

הלואי וואָלט איך געווען א פרוי! אז מען זאָל מיר קענען זאגען: וואס אַרט עס דיך? דערצעהל מיר עפּעס פון א גרעסערעס, פיעל שרעקליכערעס אונגליק, מאַך מיך פאר אַן עדות פון א פירכטערליכערער מהאַט; איך וועל דיר דאנקען און זאגען: דאס איז נאָר ניט געווען.

עגמאָנט.

דו פערגעסט זיך! וואו ביסטו אין דער וועלט?

פערדינאנד.

לאָז דיעזע ליידענשאפט קאָכען, לאָז מיך פריי קלאָגען! איך וויל ניט אויסזעהען שטאנדהאַפט, ווען אלעס אין מיר ברעכט צוזאַמען. דיך זאָל איך דאַ זעהען? — דיך? — עס איז שוידערהאַפט! פערשטעהסט מיך ניט! זאָלסטו מיך פערשטעהען? עגמאָנט! עגמאָנט! (פאלט איהם אויפ׳ן האלז.)

עגמאָנט.

ערקלער מיר דאס געהיימניס.

פערדינאנד.

קיין געהיימניס.

עגמאָנט.

ווי אזוי קריינקט דיך אזוי טיעף דאס שיקזאל פון א פרעמדען מענשען?

פערדינאַנד.

ניין, דו ביסט מיר ניט פרעמד. עס איז געווען דיין נאמען, וועל־כער האט מיר, אין מיין יוגענד, אויפגעלייכטעט ווי א שטערן. ווי אָפט איך האב מיך נאָך דיר געפרעגט, אינטערעסירט! א קינד'ס האָפ־נונג איז א יונגען מאַן'ס האָפנונג, און א יונגען מאַן'ס—איז א מאַן'ס. אזוי ביסטו פאר מיר געגאַנגען פאראויס, אימער פאראויס, און אָהן קנאה האב איך געקוקט צו דיר און דיר נאכגעפאָלגט. יעצט האב איך געהאָפט ענדליך דיך צו זעהען, און איך האב דיך אויך געזעהען; מיין הארץ איז געפלויגען צו דיר. דיך האב איך מיר בעשטימט פאר מיין אידעאַל, און דיך אויסגעוועהלט אויף'ס ניי צו זיין מיין אידעאַל. איך האב געהאָפט מיט דיר צו לעבען, מיט דיר צו זיין, דיך אָנצוריה־רען, דיך — דאס אַלעס איז פאראיבער ווען איך זעה דיך דאָ.

עגמאָנט.

מיין פריינד, אויב דאס קען דיר פערשאַפען פערגניגען, פערזי־כער איך דיך, אז אין ערשטען אויגענבליק, ווי איך האב דיך נאָר גע־זעהען, האב איך מיך שוין געפיהלט צו דיר צוגעצויגען. יעצט הער מיך אוים. לאָמיר אויסוועקסלען א פּאאר רוהיגע ווערטער צווישען אונז. זאג מיר: איז עס דער שטרענגער, פעסטער ווילען פון דיין פאטער מיך טאקי צו טויטען?

פערדינאַנד.

יא, דאס איז עס.

עגמאָנט.

דיעזער אורטהייל איז אַלזאָ ניט קיין לעדיגעס שרעקענס־בילד מיך אריינצוברענגען אין אַנגסטען, מיך צו בעשטראַפען דורך מורא און סטראַשונקעס, מיך צו ערניעדריגען און דאַן מיט קעניגליכער גנאָדע מיך ווידער אויפצוהייבען?

פערדינאַנד.

ניין, אַך, לײדער ניין! אין אָנפאַנג האב איך אַליין אויך געהאַט אַזאַ האָפנונג; און אפילו אַזוי האב איך אויך געפיהלט אַנגסט און שמערץ דיך דאָ צו זעהען. יעצט איז עס ווירקליך, געוויס. ניין, איך קען מיך ניט בעהעררשען. ווער קען מיר געבען אַ הילף, אַן עצה, זיך ארויסצודרעהען פון דעם אונפערמיידליכען?

עגמאָנט.

אויב אַזוי, הער מיך אויס. ווען דיין נשמה וויל מיך דוקא ראַטעווען, ווען דו האַסט די איבערמאַכט, וואס האַט מיך געקאָוועט, דאַן ראַטעווע מיך! די אויגענבליקען זיינען טהייער. דו ביסט דער זוהן פון דעם אַל־מעכטיגען פאַטער און ביסט אַליין אַלמעכטיג — לאָמיר ענטלויפען! איך קען די וועגען; די מיטעל זיינען דיר ניט אונבעקאַנט. בלויז דיעזע מויערן און אייניגע מיילען דערווייטערן מיך פון מיינע פריינד. צוריים דיעזע קייטען און ברענג מיך צו זיי און בלייב אונזערער. דער קעניג וועט דיר אַמאָל געוויס דאַנקען פאר מיין רעטונג. יעצט איז ער אי־בערראַשט, און פיעללייכט איז איהם אַלעס גאָר אונבעקאַנט. דיין פאַ־טער וואַגט; און די מאַיעסטעט, ווען זי איז אויך צורודערט מיט שרעק דערפון, מוז זי עס בעשטעטיגען. דו דענקסט? אַך, דענק מיר אויס דעם וועג צו דער פרייהייט! רעד, און שפייז די האָפנונג פון דער לעבעדיגער נשמה.

פערדינאַנד.

שווייג, אָה שווייג! מיט יעדען וואָרט פערמעהרסטו מיין פער־צווייפלונג. עס איז ניטאָ קיין אויסוועג, קיין עצה, קיין ענטלויפען.— דאס קוועלט מיך, דאס רייסט מיר מיין הארץ ווי מיט צוואַנגען. איך אַליין האב די נעטץ צוזאַמענגעצויגען; איך קען די שטאַרקע און פעסטע קניפען; איך ווייס ווי אַזוי די וועגען זיינען פערשלאָסען געגען יעדער וואַגונג, געגען יעדער כיטראָסט; איך פיהל געקאָוועט מיט דיר און מיט אַלע אַנדערע. וואָלט איך געקלאַגט און געוויינט, ווען איך וואָלט ניט אַלעס שוין פּרובירט? צו זיינע פיס האב איך מיך געוואָר־פען, גערעדט און געבעטען. ער האַט מיך אַהער געשיקט אום צו צו־

שטערען אין דיזען אויגענבליק אלעס, וואס לעבט אין מיר פון לעבענסלוסט און פרייד.

עגמאָנט.

איז קיין רעטונג ?

פערדינאַנד.

קיין !

עגמאָנט (קלאַפּענדיג מיט'ן פוס).

קיין רעטונג ! — — זיסעס לעבען ! שעהנע און פריינדליכע האָפנונג פון זיין און ווירקען ! פון דיר זאָל איך שיידען ! אזוי געלאַסען שיידען ? זאָל עס ניט זיין אין טומעל פון מלחמה, אונטער דעם גע־רויש פון וואפען און אין דער צושטערונג פון געטומעל נעהמען א שנעלעם לעבע־וואָהל ? אָך, טויט, לאָזט מיך ניט נעהמען קיין שנע־לען אבשיעד, ווילסט ניט פערקורצען דעם אויגענבליק פון דער שיי־דונג. יעצט, לאָמיך נאָך אמאָל אָננעהמען דיין האנד, דיר בליקען אין די אויגען, פיהלען דיין שעהנהייט, דיין ווערטה און פיין, ענטשלאָסען זיך ארויסרייסען און זאגען : לעב וואָהל !

פערדינאַנד.

און איך זאָל שטעהען דערביי, צוזעהען, דיך ניט האלטען, ניט קענען שטערען ! וואס פאר א שטימע קען אויסדריקען די קלאג ? וואס פאר א הארץ וואָלט ניט געקענט צוגעהען פון אזא יאמער ?

עגמאָנט.

זיי רוהיג !

פערדינאַנד.

דו קענסט זיך ענטזאגען, דו קענסט זיין רוהיג, געפיהרט פון דער נויטהווענדיגקייט, קענסטו דיך דערנעהנטערן צום גרויסען קאמפף מיט דעם מוטה פון א העלד. וואס קען איך ? וואס זאָל איך טהון ? דו בעזיעגסט זיך זעלבסט צוזאמען מיט אונז ; דו שטעהסט אלעס

איבער; איך אבער מוז איבערלעבען אי דיך, אי מיך. איך האב פער־לוירען מיין ליבט ביים באנקעט, און אין געטומעל פון דער שלאכט האב איך פערלוירען מיין פאהן. די צוקונפט פאר מיר איז פינסטער, וויסט און פוסט.

## עגמאָנט.

יונגער מאן, דיך, וועמען איך האב געפונען און פערליר דורך א זאנדערבארעם שיקזאל, דער, וועלכער פיהלט פאר מיר די טויטעס־שמערצען, וואס ליידט פאר מיר, קוק מיך אן אין דיעזען אויגענבליק; דו פערלירסט מיך ניט. אויב מיין לעבען איז פאר דיר געוועזען א שפיע־געל, דאן זאל עס אויך זיין מיין טויט. די מענשען זיינען ניט נאר צו־זאמען ווען זיי זיינען אינאיינעם; אויך דער ווייטערער, דער אבגע־שיעדענער לעבט פאר אונז. איך וועל לעבען פאר דיר, און פאר מיר האב איך גענוג געלעבט. אין יעדען טאג פון מיין לעבען האב איך מיך געפרייט; יעדען טאג האב איך געטהון מיין פליכט, ווי מיין געוויסען האט מיר געוויזען. יעצט ענדיגט זיך דאס לעבען, ווי עס האט זיך פריהער, פריהער געקענט ענדיגען אויפ'ן זאמד פון גראוועלונגען. איך הער אויף צו לעבען; אבער איך האב געלעבט. אזוי זאלסטו אויך לעבען, מיין פריינד, גערן און מיט לוסט, און האב קיין מורא ניט פאר'ן טויט.

## פערדינאַנד.

פאר אונז האסטו בעדארפט לעבען. דו האסט דיך אליין געטויטעט. אָפט האב איך געהערט ווי קלוגע מענער האבען איבער דיר גערעדט; אייניגע מיט שנאה, אנדערע מיט ליבע, אזוי האבען זיי געשטריטען איבער דיין ווערטה. ענדליך האבען זיי זיך געאייניגט, קיינער האט עס ניט געוואגט צו לייקענען, יעדער האט דאן מודה געווען, אז דו וואנדערסט אויף א געפעהרליכען וועג. ווי אָפט, אך, האב איך געוואלט דיך ווארנען. האסטו דען ניט קיין פריינד?

## עגמאָנט.

מען האט מיך געווארענט.

פערדינאַנד.

און ווען איך האב געפונען דיעזע בעשולדיגונגען, פונקט פאר פונקט, אין דער אַנקלאַגע געגען דיר, צוזאמען מיט דיינע ענטפערס, האב איך געטראַכט, אז זיי זיינען גוט גענוג דיין שטראָף צו פערלייכטערן, אבער עס איז ניט געווען קיין בעווייז שטארק גענוג דיך צו בעפרייען —

עגמאָנט.

לאָמיר שוין דאריבער ניט רעדען. דער מענש מיינט אז ער פיהרט זיין לעבען, אז ער בעהערשט זיינע האנדלונגען וועהרענד אין דער ווירקליכקייט איז זיין גאַנצע עקזיסטענץ געפיהרט פון שיקזאל. לאָמיר דאריבער ניט דענקען; דיעזע געדאַנקען שלאָג איך מיר גרינג ארוים — שווער איז מיר אבער די זארג פאר דיעזען לאַנד; אבער אויך פאר דעם וועט מען זיך שוין זאָרגען. אויב מיין בלוט קען פליעסען פאר פיעלע און ברענגען פריעדען פאר מיין פאָלק, דאַן וואָלט עס געמעגט פליעסען. לײדער אבער וועט עס ניט אזוי זיין. אבער עס פאסט ניט פאר׳ן מענשען זיך צו פיעל צו עגבערן זיין קאָפּ, ווען ער קען מעהר גאָר ניט העלפען. אויב דו קענסט צוריקהאַלטען די פערדאַרבענע מאַכט פון דיין פאטער, אדער אבווענדען, דאַן טהו עס. ווער וועט עס קענען? — לעב וואָהל!

פערדינאַנד.

איך קען ניט אוועקגעהען.

עגמאָנט.

לאָמיך רעקאָמענדירען מיינע פריינדע צו דיר. איך האב געהאַט גוטע מענשען אלס דיענער; זעה זיי זאָלען ניט זיין צושפּרייט, זיי זאָלען ניט אונגליקליך ווערען! ווי האַלט עס מיט ריכארד׳ן, מיט מיין שרייבער?

פערדינאַנד.

ער איז שוין אוועק פאר דיר. זיי האבען איהם געפונען פאר מיטשולדיג אין האָכפערראַטה און געקעפּט.

עגמאָנט.

ארעמע נשמה! — נאָך איינס, און דאן לעב וואָהל, מעהר קען איך שוין ניט. ווי שטארק דער גייסט זאָל זיין אויפגערעגט, קומט די נאטור צולעצט, און פערלאַנגט איהר רעכט. און ווי א קינד, ארומגע־וויקעלט פון א שלאַנג, געניעסט פון דעסטוועגען פון ערקוויקענדען שלאָף, אזוי לעגט זיך אוועק דער זינדער אויפ׳ן שוועל פון טויט און רוהט זיך אויס, פונקט ווי ער וואָלט נאָך בעדארפט וואנדערן א ווייטען וועג. — נאָך עפּעס — איך קען א מיידעל; דו וועסט זי ניט פעראַכ־טען, ווייל זי איז געוועזן מיינע. זי איבערגעבענדיג צו דיין השגחה, שטארב איך רוהיג. דו ביסט אן עדלער מענש; אין אזא מאַן ווי דו, איז א פרוי זיכער צו געפינען א בעשיטצער. לעבט נאָך מיין אלטער אדאָלף? איז ער פריי?

פערדינאַנד.

דער ארעמער זקן, וועלכער האט איך בעגלייט אויפ׳ן פערד?

עגמאָנט.

איהם מיין איך.

פערדינאַנד.

ער לעבט, ער איז פריי.

עגמאָנט.

ער ווייס וואו זי וואוינט; לאָז דיך פון איהם ברענגען אהין און בעצאהל איהם גוט דערפאר, וואס ער האט דיר געוויזען דעם וועג צו אזא אוצר. לעב וואָהל!

פערדינאַנד.

איך געה ניט.

עגמאָנט (איהם צופיהרענדיג צו דער טהיר).

לעב וואָהל!

פערדינאַנד.

אָה, לאָז מיך נאָך דאָ זיין!

עגמאָנט.

פריינד, קיין אבשיעד!

(ער בעגלייט פערדינאַנד'ן ביז צו דער טהיר און רייסט זיך דאָרט ארויס פון איהם. פערדינאַנד בעטויבט, געהט שנעל אוועק.)

עגמאָנט (אליין).

שלעכטער מענש! דו האסט ניט געגלויבט, אז דו וועסט מיר טהון אזא טובה דורך דיין זוהן. דורך איהם בין איך פריי געוואָרען פון זאָרג און פון שמערצען, פון מורא און פון אנגסטען. זאנפט, אבער דרינגענד, פאדערט די נאַטור וואס איהר קומט. עס איז פארביי, עס איז בעשלאָסען! די אונגעוויסהייט, וואס האט מיך געהאַלטען וואך די גאַנצע לעצטע נאַכט, וויעגט מיך יעצט איין אין דער רוה פון מיין אונפערמיידליכער געוויסהייט.

(ער זעטצט זיך אויפ'ן בעט. מוזיק.)

זיסער שלאָף! דו קומסט צו מיר ווי א ריינעם גליק, ניט געבעטען, ניט איינגעלאַדען, ניט געזוכט. דו מאַכסט אויף די קניפּען פון די שטרענגע געדאַנקען, מישט אוים די בילדער פון פרייד און שמערץ; ניט געשטערט פליעסט דער צירקעל פון אינערליכער האַרמאָניע, און איינגעוויקעלט אין שעהנעם משוגעת פערזינקען מיר און הערען אויף צו זיין.

(ער שלאָפט איין; מוזיק בעגלייטעט. הינטער דעם בעט עפענט זיך א וואַנט און עס קומט ארויס א גלענצענדע ערשיינונג. די פרייהייט אין הימלישע קליידער, ארומגע־רינגעלט מיט קלאַרקייט, רוהט אויף א וואָלקען. זי האט קלאַרע געזיכטס־ציגע און נייגט זיך צום שלאָפענדען העלד. זי דריקט אוים א בעדויערן און שיינט איהם צו בעקלאגען. באַלד פאסט זי מוטה און מיט אַן ערמוטהיגענדע מינע

ווייזט זי איהם דעם סימבאָל פון פרייהייט—א בינטעל פיילען מיט א שטעקען און א הוט. זי גיט איהם מוטה. און וועהרענד זי ווייזט איהם, אז זיין טויט וועט פערזיכערן די פרייהייט פון דער פּראָווינץ, בעגריעסט זי איהם אלס זיעגער און גיט איהם א לאָרבער־קראַנץ. אזוי ווי דער קראַנץ דער־נעהנטערט זיך צו זיין קאָפּ, בעוועגט זיך עגמאָנט אין שלאָף און בייגט זיך אוים מיט זיין געזיכט צו איהר. זי האלט דעם קראַנץ איבער זיין קאָפּ; קריעגס־מוזיק הערט זיך פון ווייטען; ביים ערשטען טאָן פערשווינדעט די ערשיינונג. די מוזיק ווערט שטארקער און שטארקער. עגמאָנט ער־וואכט. דאס געפענגניס איז האלב בעלייכטעט פון דעם מאָרגען זיין ערשטע בעוועגונג איז, זיך אָנצוכאַפּען ביים קאָפּ. ער שטעהט אויף, קוקט זיך ארום, און האלט נאָך אלץ די האנד אויפ'ן קאָפּ.)

פערשוואונדען איז דער קראַנץ! דו שעהנעס בילד, דאס ליכט פון דעם טאג האט דיך פעריאָגט! יא, זיי זיינען עס געווען, זיי, די זיעסטע פריידען פון מיין הארצען זיינען געווען פעראייניגט. די געט־ליכע פרייהייט האט געבאָרגט די געשטאלט פון מיין געליעבטער; דאס רייצענדע מיידעל איז געווען פערקליידעט אין הימלישע קליידער. אין אן ערנסטען מאָמענט ערשיינען זיי פעראייניגט, מעהר ערנסט ווי צערטליך. מיט בלוט־בעפלעקטע פים איז זי פאר מיר ערשיענען; דער זוים פון איהר קלייד איז אויך געווען בעטונקען אין בלוט. עס איז געווען מיין בלוט, און דאס בלוט פון מיינע בראווע מענשען. ניין, עס איז ניט אומזיסט פערגאָסען געוואָרען. פאָרווערטס, בראַוועס פאָלק! די געטטין פון פרייהייט פיהרט אייך! און אזוי ווי דער ים ברעכט דורך און צוברעכט אלע צאַמען אין זיין וועג, אזוי זאָלט איהר צושמע־טערן אלע פעסטונגען פון דער טיראַניי און רייסט זיי אזוי אוים פון וועג!

(טראָמפּעטען הערען זיך.)

הער, הער! ווי אָפט האט מיך דיעזער קלאַנג גערופען צום פרייען גאַנג אין פעלד פון שטרייט און זיעג! ווי מונטער פלעגען עס געהען די חברים אויף דעם געפעהרליכען וועג פון בעריהמטקייט! אויך איך

געה יעצט צו אַן עהרענהאַפטען טויט; איך שטאַרב פאַר דער פרייהייט, פאַר וועלכער איך האָב געלעבט און געפאָכטען, און צו וועלכער איך בין מיך מקריב אין שמערץ.

(דער הינטערגרונד ווערט בעזעטצט מיט שפּאַנישע

סאָלדאַטען.)

יאַ, פיהרט זיי נאָר צוזאַמען! שליעסט אייערע רייהען, מיך שרעקט איהר ניט. איך בין געוואָהנט צו שטעהען צווישען די שפּיזען און מיך שרעקט ניט דער טויט; איך קען פיהלען מיט דאָפּעלטער קראַפט דאַס מוטהיגע לעבען.

(פּויקען.)

דער שונא רינגעלט דיך אַרום פון אַלע זייטען. עס בליטצען די שווערטען; מוטה, פריינדע! הינטער איך האַט איהר עלטערן, ווייבער, קינדער.

(צייגענדיג אויף דער וואַך.)

און דיעזע ווערען געטריעבען פון אַ וואָרט פון זייער פיהרער, ניט פון זייער פרייען ווילען. שיטצט אייערע הייזער! און אום אייערע ליעבע צו ראַטעווען, פאַלט מיט פרייד, אַט ווי איך ווייז אייך אַ ביישפּיעל.

(פּויקען. אַזוי ווי ער געהט צו צו דער וואַך קעגען דער טהיר אין הינטערגרונד, פאַלט דער פאָרהאַנג; די מוזיק פאַנגט אָן און שליעסט מיט אַ זיעגעס־סימפאָניע.)

